Halpern, Boris.
Iza Shaliman : drame in 4 aktn un 1 bild.
Vilne, 1929.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1898.9

**Halpern, Boris.**
Iza Shaliman : drame in 4 aktn un 1 bild.
Vilne : B. Kletskin, 1929.
Varying form of title: Iza Szaliman.
83 p.

1. Yiddish drama.—lcsh
I. Lithuania-Vilnius

ID : NXYH02-B2997 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /29594

Reduction ratio X 10.0

בּאָרים האַלפּערן

# איזאַ שאַלימאַן

דראַמע אין 4 אַקטן און 1 בּילד

ווילנע—1929

דרוקעריי ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

באָריס האַלפּערן

# איזאַ שאַלימאַן

דראַמע אין 4 אַקטן און 1 בילד

ווילנע — 1929

דרוקעריי „ווילנער פֿאַרלאַג“ פון ב. קלעצקין

געווידמעט דעם הייליקן
אָנדענק פון מיין זון
וולאַדימיר

אויפפירן אָן דער ערלויבעניש פון דעם מחבר פאַרבאָטן

B. Halpern — „Iza Szaliman“
Drukarnia „Wyd. Wileńskie“ B. Kleckina, Wilno

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

דאָקטאָר שאַלימאַן
מערע — זיין פרוי
ליבע — זייער טאָכטער
איזע — זייער זון
דוד — ליבעס מאַן
אילױשע — שאַלימאַנס אייניקל
נאַטאַשע — איזעס אַ באַקאַנטע
איזעס און ליבעס נאַניע
קאַצמאַן, סאָראָקאָ — פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפט ב״ח
פרוי עלפערט, הינדבערג — פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפט „יולדות-עניות“
חיים-בער — דער רב פון שטאָט
איוואַן איוואַניטש — דער איספראַווניק פון שטאָט
אַ מוטער מיט קינדער
אַ ייד מיט אַ ציג
אַ שמש און אַ חזן
דריי באָנאַדעלניקעס
אַ קאַפּראַל און אַ סאָלדאַט
אַ מיליטער-דאָקטאָר
פאַרקריפּלטע
אַ דאַמע אין טרויער

---

# ערשטער אַקט

ס׳קומט פאָר אין אַן אויעזדנע שטאָט פון קאָוונער גובערניע אין וואוינונג פון ד״ר שאַלימאַן מיט אַ טאָג פריער פאַרן אויסבראָך פון דער וועלט-מלחמה. אין אַ מעבלירטן צימער. דריי אַריינגאַנגען.

**א י ז ע**

נייט אַרום איבערן צימער:

דו פאַרשטייסט ניט, איך זאָג דיר, דו פאַרשטייסט ניט.

**נ אַ ט אַ ש ע:**

יאָ, איך פאַרשטיי ניט, איך וויל ניט פאַרשטיין, איך קאָן ניט פאַרשטיין, ווייל מיין שכל זאָגט מיר, אַז דאָס איז אַן אומזין, מיין האַרץ — אַן אומגליק. גיין פאַר אַ פרייווויליקן... צי קען דען זיין אַ גרעסערער אַבסורד?

**א י ז ע:**

איך זע, אַז דו פאַרשטייסט מיך ניט; זאָג מיר, פאַרוואָס האַלטסטו דאָס פאַר אַן אַבסורד?

**נ אַ ט אַ ש ע:**

ערשטנס דערפאַר, ווייל אַ מלחמה איז סתם אַן אומגליק, ווי די גרעסטע אומגליקן אויף דער וועלט, ווי אַ מגפה, וועלכע רייסט אַרויס פון די לעבעדיקע מיליאָנען מענטשן, און, צווייטנס, פאַרווילדעוועט זי דעם כאַראַקטער פון מענטשן. אַ מענטש, וועלכער איז אפילו אין די שלאַכטן ניט געווען, ווערט ווי אַ חיה-רעה. ער זאַפט איין אין זיך אַלע געפילן פון האַס, באַקומט אַ נייגונג צו ווילדע באַרבאַרישע מעשים.

**א י ז ע:**

דו האָסט אַ טעות. אַ מלחמה פאַרהאַרטעוועט דעם כאַראַקטער פון מענטשן, מאַכט אים שטאַנדהאַפטיק אין לעבן...

**נאַטאַשע:**

דאָס זײַנען, איזע, נאָר פּראַזן. אויב דו האָסט מיך ליב, זאָלסטו זיך אָפּזאָגן פון דעם נאַרישן געדאַנק.

**איזע:**

דו באַליידיקסט מיך, נאַטאַשע. ער קושט איר די האַנט. ס׳איז ניטאָ אַזאַ קרבן, וועלכן איך וואָלט פאַר דיר ניט געבראַכט. נאָר דו אַליין פאַרשטייסט גאַנץ גוט, וואָס ציט מיר אויפן שלאַכט־פעלד — דער געזאַנג פון די קוילן, די דונערן און בליצן פון די האַרמאַטן, דאָס בילד פון די פליענדיקע ווי פייגעלעך לופט־שיפן. אַך ווי שיין און גרויסאַרטיק דאָס איז! איך קען אַנדערש ניט, נאַטאַשע.

**נאַטאַשע:**

איך וויל מיט דיר מער ניט ריידן. זי וויל אַוועקגיין.

**איזע:**

נאַטאַשע, מײַן טייערע נאַטאַשע. די מלחמה וועט דויערן ניט מער ווי אַ פּאָר מאָנאַטן, זי קען לאַנג ניט דויערן. אונזער גאַנצער אַכטער קלאַס גייט. ס׳גייען פּאָכיטאָנאָוו, פּערעפּאָנאָוו, קראַכמאַלניקאָוו...

**נאַטאַשע:**

אַלץ איינס, וויפיל זי זאָל ניט דויערן און ווער ס׳זאָל פון אייער קלאַס ניט גיין...

**איזע:**

נאַטאַשע, וואַרף אַוועק דײַנע קאַפּריזן.

**נאַטאַשע:**

דאָס איז ניט קיין קאַפּריז; דאָס איז אַ פאָדערונג פון געזונטן פאַרשטאַנד.

**איזע:**

דאָס וועט זײַן ניט מער ווי אַ שפּאַציר.

**נאַטאַשע:**

ווי נאַאיוו דו ביסט, איזע! איך וויל ניט, דו הערסט, איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט זיך לאָזן אפילו אויף אַ שפּאַציר.



מער רייד איך ניט וועגן דעם מיט דיר. דו ביסט פאַר מיר אַ פרעמדער. זי גייט אַוועק.

**איזע:**

נאַטאַשע, טייערע נאַטאַשע... פרוי שאַלימאַן.

**פרוי שאַלימאַן:**

איזע, וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרטראַכט?

**איזע:**

אַזוי זיך, מאַמעניו.

**פרוי שאַלימאַן:**

מיר האָט נאַטאַשע געזאָגט וועגן אַן אומגלויבלעכע זאַך.

**איזע:**

זי האָט שוין פונאַנדערגעקלונגען אין אַלע גלאָקן.

**פרוי שאַלימאַן:**

איך גלייב ניט, מײַן קינד, אַז דו זאָלסט וועלן טאָן אַזאַ נאַרישקייט.

**איזע:**

אַ נאַרישקייט?

**פרוי שאַלימאַן:**

יאָ, אַ פאַרברעכערישע נאַרישקייט.

**איזע:**

ערשטנס, זײַנען בײַ דיר, מאַמעניו, אַפּגעלעבטע באַגריפן און, צווייטנס, איז נאָך דערווייל ווייט פון אַ מלחמה. מיר וועלן ריידן, ווען זי וועט קומען.

**פרוי שאַלימאַן:**

איך רייד איצט וועגן דעם, ווייל איך ווייס, אַז דו ביסט אַן עקשן. דו קענסט אַרײַננעמען די גרעסטע נאַרישקייט אין קאָפּ און דו וועסט וועלן באַווײַזן, אַז די גאַנצע וועלט איז אומגערעכט, נאָר דו ביסט גערעכט. די זעלבע און ד״ר שאַלימאַן.

**ד״ר שאַלימאַן:**

היינט האָבן מיר די פּאַציענטן פאַרמאַטערט, אַזאַ גרויסע צאָל האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהאַט. וואָלטן דאָס געווען

ווירקלעך קראַנקע, קען מען ניט אָפּזאָגן אין הילף, אָבער דאָס זיינען נאָר יונגעלייט, וועלכע ווילן וויסן, צי מען וועט זיי נעמען אין דינסט, אויב ס׳וועט יאָ זיין אַ מלחמה.

פרוי שאַלימאַן:

דו ועסט, איזינקע, אַז לייט זיינען קלינער פאַר דיר; קיינער וויל ניט ניין אָפּפערן מיטן לעבן.

ד״ר שאַלימאַן:

וועגן וואָס רעדסטו?

פרוי שאַלימאַן:

ווי געפעלט דאָס דיר? ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַ נאַרישקייט.

ד״ר שאַלימאַן:

איך פאַרשטיי אַלץ ניט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

איזע:

אויב ס׳וועט זיין אַ מלחמה, גיי איך פאַר אַ פרייוויליקן.

ד״ר שאַלימאַן:

דו, איזע, פאַר אַ פרייוויליקן?

איזע:

יאָ, איך...

פרוי שאַלימאַן:

אויב דו ווילסט, אַז איך, דיין מוטער, זאָל לעבן, זאָלסטו וועגן דעם אַפילו ניט טראַכטן. יאָ, מיין קינד, דו זאָלסט אַפילו ניט טראַכטן. איך וועל דאָס ניט איבערלעבן. זי גייט אַוועק.

ד״ר שאַלימאַן:

אַ מלחמה איז אַן אומגליק. דאָס גרעסטע אומגליק, וועלכע קען פּאַסירן. וואָס האָבן מיר צו טאָן מיט פּאָליטיק, וועלכע ווערט אָנגעפירט דורך וואַנזיניקע עלעמענטן?

איזע:

די סיבות פון אַ מלחמה נייען מיר ניט אָן.

ד״ר שאַלימאַן:

וואָס זשע דען באַגייסטערט דיר?



איזע:

איך ווייס אַליין ניט וואָס, נאָר ס׳ציט מיך אויף דאָס שלאַכט־פעלד.

ד״ר שאַלימאַן:

דאָרטן ווערן מענטשן דערהרגעט, דאָרטן בלייבן פאַרוואונ־דעטע, צעקריפּלטע.

איזע:

דאָרטן איז אָבער אַ מענטש — אַ העלד.

ד״ר שאַלימאַן:

דיינע רייד שרעקן מיר. דו מיינסט דאָס טאַקע ערנסט?

איזע:

ניט קיין שפּאַס, טאַטעניו.

ד״ר שאַלימאַן:

איבערהויפּט מיר, יידן, דאַרפן טאַקע גיין פאַר פרייוויליקע, מיר, יידן, פאַר וועלכע רוסלאַנד איז געווען שטענדיק אַ שטיפ־מאַמע; מיר, יידן, וועלכע האָבן אַריבערגעטראָגן אַזוי פיל פאַרפאָלגונגען און פּאָגראָמען.

איזע:

אָט טאַקע דערפאַר מוזן מיר גיין פרייוויליק, ווייל איך גלויב, אַז אַ מלחמה קען אונז ברענגען אַ ברידערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג. די זעלבע און ליבע. ס׳וואַרטן אויף דיר, טאַטעניו, נאָך פינף פּאַציענטן. עפּעס היינט קומען אַלץ יונגע לייט.

ד״ר שאַלימאַן:

איך גיי. ווי געפעלט דאָס דיר, ליבע? איזען איז איינגעפאַלן אַ ווילדער געדאַנק.

ליבע:

מיר האָט שוין נאַטאַשע דערציילט. ד״ר שאַלימאַן גייט אַוועק.

איזע:

איך מאַך ניט פון דעם קיין סעקרעט.

ל י ב ע:

דו פאַרגעסט אָבער איין זאַך. די מוטער וועט דאָס ניט אַריבערטראָגן. ז׳ איז אַזוי אויך ביי אונז אַ שוואַכע, אַ קראַנקע, און דאָס קען אויף איר פאַטאַל ווירקן.

א י ז ע:

זי וועט צוגעוויינט ווערן צום געדאַנק.

ל י ב ע:

אָבער אין גרונט גענומען איז דאָס פאַר מיר אויך אַ ווילדע זאַך. דו ווילסט גיין פאַר אַ פרייוויליקן?

א י ז ע:

ווען אַ מענטש זאָגט, אַז ער וויל טאָן עפּעס אַזוינס, צו וואָס ס׳ציט אים זיין האַרץ, זיין פאַרשטאַנד, צו וואָס ער האָט אַן אינערלעכן דראַנג, איז אים שווער צו פאַרשטיין. איר אַלע רעזאָנירט וועגן זאַכן, וועלכע שפּיגלען זיך ביי אַייך אָפּ אַנדערש ווי ביי מיר; איך שרעק זיך ניט פאַר אַ געפאַר.

ל י ב ע:

לאָז זיין, דו ביסט גערעכט, אָבער מיר זיינען דאָך קינדער ביי אונזערע עלטערן, דו פאַרגעסט וועגן זיי. וואָס וועלן זיי איבערלעבן יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע סעקונדע?

א י ז ע:

לאָז דוכטן, אַז איך בין אַזוי, ווי דיין דוד, מיר מוזן גיין. מיר זיינען געצוואונגען צו גיין, מיר זיינען פאַרפליכטעט דורכן געזעץ.

ל י ב ע:

דו מיינסט, אַז וועגן דודן שרעקט מיר ניט מיין האַרץ? זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער טומל, שלאָף איך קיין נעכט ניט. הינטער דער סצענע הערט זיך: ליבע, ליבעניו! אָט בין איך! און — נאָך אַ זאַך: דו מיינסט, אַז איך פאַרשטיי ניט, אַז דו און נאַטאַשע זייט איין לייב און איין נשמה. ווי קענסטו זיך מיט איר שיידן? ליבע, ליבעניו! אָט בין איך. די זעלבע און די ניאַניע.



נ י אַ נ י ע:

ליבעניו, דודל איז געקומען. ער פרעגט נאָך דיר.

ל י ב ע:

איך גיי. איזע, געדענק וועגן די עלטערן, געדענק וועגן נאַטאַשען זי גייט אַוועק.

נ י אַ נ י ע:

וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרטראַכט, איזעניו? כאָטש איך האָב אַן איינפאַכן פאַרשטאַנד, איך בין אַן איינפאַכע ניאַניע, אָבער, איזעניו, דו ביסט מיר טייער, ווי דאָס גאַנצע לעבן.

א י ז ע:

וואָס ווילסטו, ניאַניע? דו אויך אויף מיר?

נ י אַ נ י ע:

זיי אויף מיר ניט אין כעס. איך זאָג דאָס, וואָס איך פאַרשטיי, וואָס איך פיל...

א י ז ע:

זאָג, וואָס ווילסטו?

נ י אַ נ י ע:

נאַטאַשע האָט עפּעס געזאָגט.

א י ז ע:

וואָס האָט זי געזאָגט?

נ י אַ נ י ע:

זי האָט געזאָגט, אַז דו, איזענקע, ווילסט אַ מלחמה.

א י ז ע:

זי האָט דאָס דיר ניט געקענט זאָגן.

נ י אַ נ י ע:

אַזוי, איז דאָס ניט ריכטיק? איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ס׳קען ניט זיין, אַז מיין איזענקע זאָל וועלן אַ מלחמה.

א י ז ע:

ניט וועגן דעם האַנדלט זיך, ניאַניע.

נ י אַ נ י ע:

מיין קאָפּ באַנעמט ניט פאַרוויקלטע זאַכן. נאַטאַשע האָט.

דערציילט, אַז דו וואַרטסט נאָר אויף אַ מלחמה. האָב איך
גלייך געזאָגט, אַז דאָס איז ניט ריכטיק.

**איזע:**
זאָג מיר, ניאַניע, נאַטאַשע איז אַוועק?

**ניאַניע:**
ניין, זי איז דאָ. איזע גייט אַוועק. די ניאַניע צו זיך אַליין. איצטיקע קינ־
דער! וואָס איז אַ טאַטע, וואָס איז אַ מאַמע, וואָס איז אַ ניאַניע.
אָט אַזוי וויל איך און מער גאָרניט! אָבער וואָס שטיי איך.
ס'דאַרפן דאָך באַלד קומען געסט. זי גייט אַוועק, ס'גייען אַריין
ד״ר שאַלימאַן און זיין פרוי.

**ד״ר שאַלימאַן:**
דו ווייסט, מערע, די אָפיציעלע פייערונג איז מיר ניט צום
האַרצן. די צייט איז דערצו אויך ניט קיין פּאַסיקע. עפּעס
טומלט זיך אויף דער וועלט: דוכט זיך, וואָס פאַר
אַ שייכות האָבן מיר צו די סערבישע אָדער בולגאַרישע
באַנדעס, צו פאַרשיידענע פאַרברעכערישע עלעמענטן, אָבער דו
וועסט זען, אַז די אַלע פאַקטאָרן קענען אַרויסרופן אַ מלחמה.

**פרוי שאַלימאַן:**
דו ביסט גערעכט. די צייט איז טאַקע ניט קיין פּאַסיקע,
און דערצו דערמאָנט מיר די פייערונג, אַז מיר זיינען שוין
געוואָרן עלטער מיט 25 יאָר. די זעלבע און קאַצמאַן און סאָראָקע.

**קאַצמאַן און סאָראָקע:**
אונזער ליבן און הויכגעשעצטן ד״ר און זיין פאַמיליע!

**ד״ר שאַלימאַן:**
איך דאַנק אַייך, איך דאַנק אַייך.

**פרוי שאַלימאַן:**
מיר זיינען זייער גערירט.

**סאָראָקע:**
אַלס פאָרשטייער פון דער גרעסטער געזעלשאַפט אין אונזער
שטאָט, פון דער וויכטיקסטער אינסטיטוציע, וועלכע ציילט



איבער טויזנט מיטגלידער און אָן אַ צאָל סימפּאַטיקער,
גראַטולירן מיר אַייך מיט דעם 25־יאָריקן יובל.

**קאַצמאַן:**
אויך די קראַנקע פון ב״ח האָבן מיט טרערן אין די אויגן,
מיט גרויס דאַנקבאַרקייט געבעטן אונז איבערגעבן אַייך,
סאָלאָמאָן אַבראַמאָוויטש, זיין בעסטן האַרציקסטן וואונטש
צו זען אַייך נאָך יאָרן לאַנג אָן דער שפּיץ פון אונזער
געזעלשאַפט.

**ד״ר שאַלימאַן:**
מיינע פאַרדינסטן פאַר דער געזעלשאַפט זיינען גאָר ניט אַזוי
גרויס, ווי איר שאַצט דאָס אָפּ. אויב איך טו וואָס עס איז
צו פאַרלייכטערן די ליידן פון מענטשן, איז דאָס מיין פליכט.
די זעלבע און פרוי עלפערט און הינדבערג.

**פרוי שאַלימאַן:**
דו זעסט, סאָלאָמאָן, וויפל גוטע פריינד דו האָסט!

**ד״ר שאַלימאַן:**
דאָס איז ווירקלעך מער ווי אַ פריינדשאַפט!

**פרוי עלפערט:**
אין געזעלשאַפטלעכע שליחות. ניט נאָר פערזענלעכע וואונטשן
זיינען מיר געקומען אַייך איבערגעבן. מיר זיינען געשיקט
געוואָרן פון אַ כלל. די פאַרוואַלטונג פון יולדות־עניות האָט
אָנגענומען איינשטימיק אַ באַשלוס צו דעלעגירן אונז אַלס
פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפט און איבערגעבן אַייך,
סאָלאָמאָן אַבראַמאָוויטש, די טיפסטע הערצלעכסטע וואונטשן
צום 25־יאָריקן יובל.

**הינדבערג:**
די געזעלשאַפט, וועלכע האָט דעם כבוד אַייך צו באַגריסן,
ציילט אַ גרויסע צאָל מיטגלידער אָן אונטערשייד פון שטאַנד
און געשלעכט און שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין לעבן פון
אונזער שטאָט. זי האָט געלייזט אַ גרויסע סאָציאַלע פּראָב־
לעם. זאָל לעבן דער ערן־פאָרזיצער פון יולדות־עניות ד״ר
סאָלאָמאָן אַבראַמאָוויטש שאַלימאַן!

ד״ר שאַלימאַן
דריקנדיק די הענט:

איך בין גערירט, איך האָב ניט קיין ווערטער, איך דאַנק אַלעמען.

פרוי שאַלימאַן:

זעצט זיך, ליבע געסט! וואָס מאַכט איר, ליבע פרוי עלפערט? שוין לאַנג אַייך ניט געזען.

פרוי עלפערט:

שטענדיק פאַרנומען. געזעלשאַפטלעכע אַרבעט: היינט אַ באַל, מאָרגן אַ קאָנצערט, איבערמאָרגן אַ מאַסקאַראַד, דער־נאָך זיצונגען, זיצונגען אָן אַ סוף. ווער האָט דאָס אַזויפיל קרעפטן!

סאָראָקע:

מיין ווייב איז אויך גאַנצע טעג פאַרנומען. גאַנצע אָוונטן זע איך איר ניט אין דער היים.

הינדבערג:

צו אַייך, דאָקטאָר, האָב איך אַ באַזונדערע ביטע.

ד״ר שאַלימאַן:

פילייכט אין קאַבינעט? זיי גייען אַוועק.

פרוי שאַלימאַן:

ס׳איז ניט אַזוי געפערלעך.

פרוי עלפערט:

נאַטירלעך, איז ניט געפערלעך, אָבער אַלע מענער זיינען ניט צופרידן. אָט מיינער איז אויך ניט צופרידן. וואָס וואָלט אָבער געווען, ווען די דאַמען־קאָמיטעטן וואָלטן ניט עקסי־סטירט. וואו וואָלטן זיך אַהינגעטאָן די יתומים און אלמנות? וואו וואָלטן זיך אַהינגעטאָן די אָרעמע קינפעטאָרינס?

סאָראָקע:

די וועלט וואָלט חרוב געוואָרן, ווען ס׳וואָלט ניט געווען קיין געפיל פון רחמנות.



פרוי שאַלימאַן:

לאָמיר ריידן וועגן פריילעכערע זאַכן, וואָס הערט זיך עפּעס נייס?

פרוי עלפערט:

מיין מאַן איז היינט געקומען פון פעטערבורג.

עטלעכע שטימען:

פון פעטערבורג?

סאָראָקע:

ער האָט געמוזט ברענגען וויכטיקע נייס? דערציילט, ליבע פרוי עלפערט!

פרוי שאַלימאַן:

דערציילט, טייערע, מיר האָבן דאָך אַלע קינדער. מיר זיינען דאָך אַלע פאַראינטערעסירט.

קאַצמאַן:

און נאָך ווי פאַראינטערעסירט.

פרוי עלפערט:

מיין מאַן האָט מיר אָבער געזאָגט: „צעצילעטשקע, מיין לעבן, דערצייל קיינעם ניט״.

סאָראָקע:

אָט אַ וויכטיקע זאַך, וואָס אַ מאַן זאָגט!

פרוי שאַלימאַן:

דערציילט, טייערע, דערציילט!

פרוי עלפערט:

אַז דערציילן דאַרף מען שוין כסדר. מיין מאַן איז געווען אין דער אינטענדאַנטור. דאָרטן האָט אים אַ הויכגעשטעל־טער גענעראַל אַריינגערופן צו זיך אין קאַבינעט, און איך דאַרף אַייך זאָגן, אַז ווען ער איז געגאַנגען, האָט זיך ביי אים אַלץ אינווייניק געטרייסלט.

סאָראָקע:

ער האָט געוויס געטראַכט: „געבן אָדער ניט געבן״.

**פרוי עלפערט:**

דאָס איז שוין אונזער זאַך, ווען מען מ׳דאַרף געבן. אַזאַ יאָר אויף אונז אַלעמען, וואָס פאַר אַ פאָרדעשוועס מיר שטעלן צו. בײַ מײַן מאַן האָבן זיך די פיס געטרייסלט דערפאַר, ווײַל דאָס איז פאָרט אַ הויכגעשטעלטער און אײַנפלוסרײַכער גענעראַל. אָבער מײַן מאַן האָט מיר געזאָגט: „צעצילעטשקע, מײַן לעבן, דערצייל קיינעם ניט״.

**פרוי שאַלימאַן:**

געווים וועט זײַן אַ מאָבּיליזאַציע.

**פרוי עלפערט:**

דער גענעראַל האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן איבערן פּלייצע און געזאָגט: „דו קענסט צושטעלן נאָך אַ מיליאָן פאָרדעשוועס?״

**סאָראָקע:**

דאָס איז זייער וויכטיק. אַ גאַנצן מיליאָן!

**פרוי עלפערט:**

מײַן מאַן איז געוואָרן בײַ זיך אַ ביסל שטייפער און געפרעגט: „אײַער עקסעלענץ, אין וואָס פאַר אַ טערמין?״

**סאָראָקע:**

ס׳וועט געווים זײַן אַ מלחמה.

**פרוי שאַלימאַן:**

איר צווייפלט דען, אַז ס׳וועט זײַן אַ מלחמה?

**פרוי עלפערט:**

דער גענעראַל איז אַרומגעגאַנגען איבערן קאַבינעט, געקלאַפּט מיט די שפּאָרעס און געטראַכט... געטראַכט און געקלאַפּט מיט די שפּאָרעס. „וואָס ניבער!״—האָט ער דערנאָך אַ געשריי געטאָן.

**סאָראָקע:**

יידן, ס׳איז ניט פריילעך! *די זעלבע און ד״ר שאַלימאַן מיט הינדבערגן. זיי ריידן צווישן זיך.*

**ד״ר שאַלימאַן:**

אַלץ וואָס איך קען, וועל איך טאָן.



**הינדבערג:**

געדענקט נאָר: בײַ דעם עלטערן פּייפט אין אויער, בײַ דעם צווייטן פאַרכאַפּט דער אָטעם און דער יינגערער איז אַ סקראָפוליטשנער.

**ד״ר שאַלימאַן:**

אויב ס׳וועט זײַן מעגלעך, נאָר אַ לעגאַלע מעגלעכקייט... *די זעלבע און חיים־בער — אַן אַלטער רבֿ.*

**ד״ר שאַלימאַן:**

אָ, רבי, איר האָט זיך אויך מטריח געווען?

**חיים־בער:**

צו אײַך, ד״ר, כאָטש אינמיטן נאַכט. אַזאַ יובל ווי 25 יאָר איבערגעגעבענער אַרבעט לטובת הכלל איז ניט קיין קלייניקייט! איך בענטש אײַך, ליבער ד״ר, אַז דער רבונו־של־עולם זאָל אײַך געבן כוח אָפּצוטרייבן דעם מלאך־המוות פון די חולאים, אָפּצוטרייבן... פון מיר, ד״ר, וועט איר שוין לאַנג ניט קענען אָפּטרייבן... כע־כע־כע...

**סאָראָקע:**

רבי, אונזער ד״ר טרייבט אָפּ דעם מלאך־המוות ניט שלעכט.

**ד״ר שאַלימאַן:**

ווי ס׳לאָזט זיך. איר, רבי, האַלט זיך, גאָט צו דאַנקען, גאַנץ גוט.

**חיים־בער:**

אַ ביסל די פיס. אַ ביסל די האַרץ. אָט האַלט מען זיך ווי ס׳איז...

**פרוי שאַלימאַן:**

זיצט, רבי, רוט זיך אָפּ.

**חיים־בער:**

איך דאַנק אײַך, פרוי שאַלימאַן!

**ד״ר שאַלימאַן:**

די האַרץ, רבי, איז בײַ אײַך גאָרניט אַזוי שוואַך. די פיס... מ׳דאַרף ניט לאַנג שטיין שמונה־עשרה.

**חיים=בער:**

שווער, אָבער וואָס זאָל מען טאָן? מ'מוז שטיין. קוקט זיך אַרום. אַלע באַקאַנטע יידן. וואָס הערט זיך?

**קאַצמאַן:**

ניט קיין פריילעכע נייס.

**הינדבערג:**

גאָר ניט קיין פריילעכע.

**חיים=בער:**

אָן אַ רצון מן השמים וועט קיין זאַך ניט זיין.

**סאָראָקע:**

אַ הויכגעשטעלטער גענעראַל האָט געזאָגט, אַז אַ מלחמה איז אומפאַרמיידלעך.

**חיים=בער:**

אָן אַ רצון פון רבונו=של=עולם קען קיין זאַך ניט זיין, וועט קיין זאַך ניט פּאַסירן.

**פרוי עלפערט:**

ניט גוט, רבי, אַלע סימנים זאָגן, אַז אַ מלחמה וועט זיין. ליבע מערע יאָסיפאָוונע, מיר דאַרפן זיך נאָך וועגן אייניקע זאַכן דורכשמועסן, איר וועט אונז אַנטשולדיקן. זיי גייען אַוועק.

**סאָראָקע:**

אפשר איז דאָ ניט דער אָרט, רבי, נאָר מיר, יידן, אַז מיר קומען זיך צונויף, וואָלטן מיר שטענדיק וועלן הערן עפּעס אַ קלוגן וואָרט. געווים איז אין אונזערע הייליקע ספרים וועגן אַ מלחמה וואָס ס'איז פאַראַן.

**קאַצמאַן:**

ס'איז אַזאַ ערנסטע צייט, אַז ס'וואָלט זיך וועלן הערן פון רבין אַן אַווטאָריטעטע מיינונג.

**חיים=בער:**

אין אונזערע הייליקע ספרים איז פאַראַן זייער פיל געשריבן וועגן דער גרויסער מלחמה, וועלכע דאַרף זיין, אָבער ניט אַלץ איז געגעבן אונז צו פאַרשטיין.



**ד״ר שאַלימאַן:**

דאָך, רבי, זיינען געווים פאַראַן זאַכן, וועלכע לאָזן זיך יאָ דערקלערן.

**חיים=בער:**

אָן אַ השגחה, אָן אַ רצון... שווערע וואָלקנס... גרויסע שטורעמווינטן. חיות וועלן סקריטשען מיט די ציין... די וועלט וועט ווערן אַ מדבר, אַ מדבר וועט ווערן די וועלט...

**סאָראָקע:**

איר וואַרפט אָן אויף אונז אַ שרעק.

**חיים=בער:**

מענטשן זינדיקן איינער קעגן צווייטן. האַס און שנאה איבער=פילן די הערצער. אַ וואָלף אויף אַ וואָלף, אַ לייב אויף אַ לייב וועט זיך וואַרפן.

**סאָראָקע:**

דער רבי איז גערעכט: אַ וואָלף אויף אַ וואָלף...

**חיים=בער:**

די וואַסערן אין די טייכן וועלן רויט ווערן... מענטשן וועלן זוכן רו און ניט געפינען; מלאכים אין די הימלען וועלן וויינען אויף דעם חורבן...

**סאָראָקע:**

דאָס אַלץ וועט מקויים ווערן?

**חיים=בער:**

אָן אַ השגחה ווערט קיין זאַך ניט געטאָן.

**ד״ר שאַלימאַן:**

שטעלט זיך, רבי, פאָר, אַז מיין איזע וויל ניין פאָר אַ פריי=וויליקן, אויב ס'וועט זיין אַ מלחמה, וואָס וועט איר זאָגן דערצו?

**חיים=בער:**

ער וויל וויזן, אַז דאָס לעבן האָט ניט קיין ווערט. אונזערע קינדער זיינען ווייט אַוועק פון אונז. זייערע געדאַנקען שוועבן אין די הימלען.

**סאָראָקע:**
זיי זוכן אידעאַלן.
**חיים־בער:**
יאָ, יאָ, אידעאַלן... לאָזט ניט איזען, לאָזט אים ניט.
**הינדבערג:**
איך האָב אויך 3 זין. וואָס זאָל איך טאָן?
**חיים־בער:**
קעגן אַ געזעץ קען מען ניט גיין.
**הינדבערג:**
וואָלטן זיי געווען כאָטש געזונטע? ביי דעם עלטערן פייפט אין אַן אויער, ביים צווייטן פאַרכאַפּט דער אָטעם און דער דריטער איז אַ סקראָפוליטשנער.
**חיים־בער:**
וועט מען זיי באַפרייען.
**ד״ר שאַלימאַן:**
קיין קראַנקע דאַרף מען ניט האָבן אין מיליטער.
**חיים־בער:**
דער נייער דור איז גייסטיק קראַנק. אָבער וואָס האָבן מיר זיך אַזוי פאַרטיפט אין פּאָליטיק? צו אַ השגחה וועט די קלענסטע זאַך ניט פאָרקומען — דאָס דאַרפן מיר שטענדיק געדענקען.
**סאָראָקע:**
מיר געדענקען דאָס גאַנץ גוט.
**חיים־בער:**
ליבער ד״ר, איך בין נאָר אויף איין ווײַלע אַריין צו אײַך. איך וואָלט געוויס וועלן פאַרברענגען ביי מיין גוטן פריינד, נאָר די עלטערע יאָרן לאָזן זיך שוין שטאַרק פילן. מיר איז שוין צייט רוען. *זעגנט זיך.* איך ווינטש אײַך, ד״ר, נאָכאַמאָל, אַז איר זאָלט נאָך לאַנג זיך קענען ראַנגלען מיטן מלאך־המוות און ניט נאָכגעבן אים. געדענקט, נאָר ניט נאָכגעבן. פאַר יעדן חולה זאָלט איר זיך אײַנשטעלן.



**ד״ר שאַלימאַן:**
איך טו אַלץ, וואָס איז מעגלעך...
**עטלעכע שטימען:**
וואָס אײַלט איר זיך, רבי?
**חיים־בער:**
אַלטע ביינער ווילן רוען... *ד״ר שאַלימאַן באַגלייט דעם רבין.*
**סאָראָקע:**
נו, וואָס וועט איר זאָגן, רבותי, אונזער רבי איז אַ גרויסער חכם און אַז ער זאָגט, אַז ס׳וועלן זיין גרויסע שטורעם־ווינטן, ווייס ער, וואָס ער זאָגט. *די זעלבע און פרוי עלפערט.*
**פרוי עלפערט:**
מיין מאַן איז זיכער, אַז אַ מלחמה וועט באַשטימט זיין.
**קאַצמאַן:**
דער רבי האָט געזאָגט, אַז ס׳וועלן זיין גרויסע שטורעם־ווינטן, די ערד וועט ווערן אַ מדבר. דאָס איז אַ סימן ניט קיין גוטער.
**פרוי עלפערט:**
אַז ס׳איז אויסגעקומען צו רייד, מוז איך אײַך דערציילן אַ מערקווירדיקע זאַך, ווי אַלץ פאַלט צונויף. איר ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט אָבערגלויביש, און ווען ס׳קומט צו מיר אַ טרעפערין, טרייב איך זי נאָר אײַנפאַך אַרויס. נאָר נעכטן איז געקומען צו מיר אַ פרוי מיט גרויסע שוואַרצע אויגן מיט שוואַרצע האָר, שיין אָנגעטאָן, ניט ווי אַ ציגיי־נערקע. איז מיר אַריינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַנו, איך וועל זי אויספּרווון. צי וועט זי טרעפן, צי ניט. און שטעלט זיך פאָר, אַז ס׳איז טאַקע פאַראַן זאַכן, וועלכע לאָזן זיך ניט דערקלערן מיטן גלייכן שכל. אָט הערט אויס. זי האָט ביי מיר געבעטן צוויי קליינע שפּיגעלעך, אַ שטיקל קויל, אַ גלאָז וואַסער... *די זעלבע און איזע.*
**איזע:**
די מוטער איז דאָ ניטאָ? אַ גוטן אָוונט, פרוי עלפערט; גוטן אָוונט, מיינע הערן. וואָס הערט זיך, ס׳טומלט זיך אין שטאָט?

**סאָראָקע:**

פאַרוואָס זאָל זיך ניט טומלען? איזע שאַלימאַן גייט פאַר אַ פרייוויליקן.

**איזע:**

געווים וועל איך גיין. וואָס זשע דען, האָבן מורא פאַר אַ ביקס אָדער האַרמאַט? דער גאַנצער קלאַס גייט... ס'נייען פאָכיטאָנאָוו, פערעפּזנאָוו... און אַלע, זַלע...

**קאַצמאַן:**

אַ מלחמה איז ניט קיין שפּילכל.

**סאָראָקע:**

דער רבי האָט געזאָגט, אַז די ערד וועט ווערן אַ מדבר, אַ וואָלף וועט זיך וואַרפן אויף אַ וואָלף, אַ לייב אויף אַ לייב.

**פרוי עלפערט:**

אַייערע עלטערן וועלן דאָס ניט אַריבערטראָגן. האָבן איין איינציקן זון, אַז ער זאָל קענען זייער ווילן גיין אין אַזאַ געפאַר. באַדענקט זיך, איזע, וואָס אירווילט טאָן.

**איזע:**

די מלחמה וועט ניט לאַנג דויערן, דאָס וועט זיין אַ שפּאַציר. איך וויל מיך דורכשפּאַצירן. אַנטשולדיקט, איך מוז לויפן אויף טעלעגראַף. גייט אַוועק.

**סאָראָקע:**

דערציילט ווייטער, פרוי עלפערט, וואָס האָט אַייך געזאָגט די טרעפערין. ס'איז זייער אינטערעסאַנט.

**פרוי עלפערט:**

און אַז איך האָב איר געגעבן 2 שפּינעלעך, אַ שטיקל קויל, אַ גלאָז וואַסער, האָט זי גענומען מיין האַנט... די זעלבע און דער איספּראַווניק אין באַגלייטונג פון ד״ר שאַלימאַן.

**איספּראַווניק**

קוקט זיך אַרום:

אָ, וואָס פאַר אַן אָנגענעמע געזעלשאַפט! פאָרשטייער פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס. שטערט זיך ניט, שטערט זיך ניט, וועגן וואָס האָט איר גערעדט?



**סאָראָקע:**

אָט אַזוי זיך. מאַלע וועגן וואָס מענטשן ריידן. וועגן פאַרשיידענע געשעפטן...

**איספּראַווניק:**

אַהאַ, וועגן געשעפטן. איך האָב ליב, ווען מענטשן ריידן וועגן געשעפטן...

**ד״ר שאַלימאַן:**

ניט נאָר וועגן געשעפטן אַליין. איצט איז אַן אינטערעסאַנטע צייט, איוואַן איוואַניטש.

**איספּראַווניק:**

נאַטירלעך, די צייט איז אינטערעסאַנט.

**פרוי עלפערט:**

אַלע בלעטער זיינען פול מיט אַלאַרמירנדיקע ידיעות וועגן אַ מלחמה-געפאַר.

**איספּראַווניק:**

נו, און וואָס מיינט איר: ס'וועט זיין אַ מלחמה אָדער ניט?

**ד״ר שאַלימאַן:**

מיר קלייבן זיך ווייניק פונאַנדער אין פּאָליטיק.

**איספּראַווניק:**

און וואָס וועט איר, הער סאָראָקע זאָגן? איר זייט דאָך אַ קלוגער מענטש.

**סאָראָקע:**

פאָראויסזאָגן איז זייער שווער. איר, איוואַן איוואַניטש, זייט קאָמפּעטענטער פאַר אונז.

**איספּראַווניק:**

נו נאַטירלעך, נאַטירלעך, ס'איז שווער פאָראויסצוזאָגן.

**קאַצמאַן:**

דאָך ווי איז אַייער מיינונג, איוואַן איוואַניטש?

**איספּראַווניק:**

לאָזן זיי זיך מיט אונז אָנהייבן, וועלן מיר זיי באַווייזן.

סאָראָקע:

יאָ, יאָ, לאָזן זיי זיך מיט אונז אָנהייבן! מיר וועלן זיי ווייזן! דער דייטש וועט געווים אַ מפּלה האָבן. ווען איך וואָלט געווען אַ דייטש, וואָלט איך זיך אָט איצט גלייך אונטערגעגעבן. וואָס דאַרף איך פירן אַ מלחמה און דערנאָך זיך אונטערגעבן — איך וואָלט דאָס געטאָן גלייך ביים אָנהייב!

איספּראַווניק:

בראַוואָ, סאָראָקע, בראַוואָ!

סאָראָקע:

גיט זיך אַמאָל ניט איין. נו איז וואָס? דאַרף מען זיין אַן עקשן?

קאַצמאַן:

און ווען איך וואָלט געווען אַן אַויסטריאַק, וואָלט איך גלייך פון פלאַץ אָפּגעצויגן.

איספּראַווניק:

בראַוואָ, קאַצמאַן, בראַוואָ! אַלע גוטע פּאַטריאָטן. לאָמיר טאַקע זינגען: „גאָט היט דעם צאַר". אַלע שטייען אויף און זינגען.

סאַראָקע:

איר ווייסט, איוואַן איוואַניטש, אַז אַזאַ געזאַנג דערקוויקט דאָס האַרץ, דערוועקט צאַרטע געפילן פון דער נשמה.

איספּראַווניק:

ביי מיר אין שטאָט איז גאָט צו דאַנקען קיין קראַמאָלע ניטאָ, אַלע זיינען גוטע, טריייע איבערגעגעבענע פּאַטריאָטן.

סאָראָקע:

פּאַטריאָטן צו פּאַטריאָטן ניט גלייך! אַז מען דאַרף איינשטעלן דאָס לעבן אין אַ סכנה, שטעלט מען איין! וואָס פאַר אַ ווערדע האָט דאָס?

הינדבערג:

וואָס איז טאַקע אַ מלחמה? אַ ריזיקע, נו ריזיקירט מען.

ד"ר שאַלימאַן:

אָבער מיר האָבן פאַרגעסן וועגן אַ גלעזעלע משקה.



איספּראַווניק:

פון דעם אַנטזאַגן מיר זיך ניט. אַ גלעזל משקה איז אַ גלעזל משקה!

סאָראָקע:

דער וואָס טרינקט ניט, איז ביי מיר גאָר קיין מענטש ניט. נאָך צו איינע.

ד"ר שאַלימאַן:

איר, פרוי עלפערט, האָט זיך גאָר צוגערירט. איר שטייט דאָך פאַר גלייכבאַרעכטיקונג אין אַלץ.

פרוי עלפערט:

אויסער טרינקען.

סאָראָקע:

איר וועט זען, איוואַן איוואַניטש, זיי וועלן גלייך קאַפּי־טולירן.

איספּראַווניק:

דורכאויס גלייך קאַפּיטולירן. אָבער וואו איז פרוי שאַלימאַן, די באַלעבאָסטע אַליין?

ד"ר שאַלימאַן:

זי איז היינט ניט אין קיין גוטער שטימונג.

איספּראַווניק:

וואָס האָט אַזוינס פּאַסירט ביי אייך?

ד"ר שאַלימאַן:

שטעלט זיך פאָר, אַז אונזער איזע, וועלכער איז נאָך קיין ניינצן יאָר ניט אַלט, האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז ער מוז גיין פאַר אַ פרייוויליקן.

איספּראַווניק:

און צוליב דעם זייט איר אַזוי צעטראָגן, באַאומרויִקט?

ד"ר שאַלימאַן:

ער איז דאָך נאָך גאָר אַ קינד. ער האָט נאָך דאָס גימנאַזיום ניט געענדיקט.

איספּראַווניק:

פרייען דאַרפט איר זיך, וואָס איר האָט אַזאַ זון.

ד״ר שאַלימאַן:

פאַרשטייט איר מיך, אַן איינאייִנציקער... אַ מוטערס האַרץ...
מען דאַרף זיך מיט אַ מוטער רעכענען.

איספּראַווניק:

אויב ס'וועט זיין אַ מלחמה, וועט דאָס זיין נאָר אַ שפּאַציר. לאַנג קען זי ניט דויערן, לאָזט אים, לאָז ער קריגן אַ פּאָר „געאָרג״-קרייצן.

סאָראָקע:

איך זאָג אייך, אַז דאָס וועט זיין אַ שפּאַציר. דער דייטש וועט גלייך רחמים בעטן.

הינדבערג:

איך האָב דריי זין, איוואַן איוואַניטש, איר קענט דאָך זיי?

איספּראַווניק:

פאַרוואָס זאָל איך זיי ניט קענען, איך קען זיי.

הינדבערג:

זיי וואָלטן אויך וועלן גיין אויף דעם ערשטן פייער. אָבער ליידער זיינען זיי קרענקלעכע. ביי דעם עלטערן פייפט אין אַן אויער, ביים צווייטן פאַרכאַפּט דער אָטעם, דער דריטער איז אַ סקראָפוליטשנער. די זעלבע און פרוי שאַלימאַן.

איספּראַווניק:

אונזער געערטער פרוי שאַלימאַן אַ הערצלעכע גראַטולאַציע. איך האָב צוגעשטעלט אייער מאַן צו אַן אויסצייכענונג, צו אַ גרויסן גאָלדענעם מעדאַל פאַר זיין מעדיצינישע און גע-זעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין אונזער שטאָט.

פרוי שאַלימאַן:

איך דאַנק אייך, איוואַן איוואַניטש, איך דאַנק אייך.

איספּראַווניק:

אַזאַ ווי אייער מאַן פאַרדינט אַן אויסצייכענונג. ס'גייט אַריין אַ קוריער און דערלאַנגט דעם איספּראַווניק אַ דעפּעשע.

איספּראַווניק:

דו קענסט גיין.



ד״ר שאַלימאַן:

נאָך אַ גלעזעלע, איוואַן איוואַניטש!

איספּראַווניק:

ניין, איך דאַנק, דער קאָפּ דאַרף זיין אַ קלאָרער. מאָרגן וועט איר וויסן וויכטיקע נייעס... דער איספּראַווניק זעגנט זיך אָפּ און גייט אין אַײלעניש אַוועק.

פרוי עלפערט

קוקט דורכן פענסטער:

ס'שומלט זיך שוין אין שטאָט. מ'לויפט ווי פאַרסמטע...

סאָראָקע

גייט צום פענסטער:

איר זעט? אָט טראָגט מען שוין דעם צאַרס פּאָרטרעט. די שוואַרץ-מאהדיקע טראָגן. מוזיק, געזאַנג — וואָס ווילט איר נאָך?

פרוי עלפערט:

יאָ, יאָ, מאַקע די פּאַגראָמשטשיקעס. אָט זעט: אַנדרעיעוו, פּאַנטאַלעיעוו, מאַלאַפעיעוו. די גאַנצע באַנדע.

ס'הערט זיך פון גאַס: „גאָט היט דעם צאַר״, די מוזיק שפּילט. אויסגע-שרייען: מאָבילִיזאַציע, מאָבילִיזאַציע.

די זעלבע און די ניאַנע.

ניאַניע:

אָי, מיין גאָט, וואָס ס'טוט זיך שוין אויפן גאַס! די זעלבע און איזע.

איזע:

אויף מאָרגן איז דערקלערט אַ מאָבילִיזאַציע! הוראַ! איך גיי אַלס פריוויליקער!

פרוי שאַלימאַן:

אָי ווײ, מיין קינד! דו וועסט ניט גיין...

ניאַניע:

לאָזט אים ניט! אָי ווײ צו מיר!

אַלע בלייבן פאַרגליווערט.

---

# צווייטער אַקט

זומערצייט פון יאָר 1915; ביי אַ קרעטשמע. פון ווייטן זעט זיך אַן אייזנבאַן־סטאַנציע. מענטשן זיצן און שטייען מיט זייערע פעק און פעקלעך. אויך פורן אָנגעלאָדעוועטע מיט זאַכן שטייען דערביי. ס'גייט פאַרביי אַ קרענקלעכע פרוי מיט צוויי קינדער. זי בלייבט שטיין.

מוטער:

אַ פוסטע פאַרלאָזענע קרעטשמע. קיין לעבעדיקער מענטש ניטאָ. קינדערלעך, איר זעט אָט פון ווייטן, שוין ניט ווייט צו דער סטאַנציע.

ערשטע קינד:

מאַמע, די פיס זאָגן זיך אָפּ צו גיין.

צווייטע קינד:

ס'שווינדלט דער קאָפּ.

מוטער:

ס'איז נאָך פאַראַן צייט. מיר קענען זיך אַ ביסל אָפּרוען. זעצט זיך צו, קינדער. מיר גייען אויף נייע ערטער, נייע מענטשן וועלן מיר זען. די צרות וועלן זיך ניך פאַרגעסן.

ערשטע קינד:

ווען וועלן מיר זיך אומקערן?

מוטער:

גאָט ווייס.

צווייטע קינד:

דאָרט זיינען אויך דאָ יידן?

מוטער:

אומעטום זיינען פאַראַן יידן.



ערשטע קינד:

און דאָס וואָס איז ביי אונז פאַרבליבן? מ'וועט נעווים צעשלעפּן.

צווייטע קינד:

דו ווייסט, מאַמע, וואָס דו האָסט פאַרגעסן?

מוטער:

וואָס, מיין טייערער?

צווייטע קינד:

די זילבערנע לייכטער.

מוטער:

אַך, מיין גאָט? טאַקע די לייכטער פאַרגעסן. אָנגעגרייט און פאַרגעסן! אין פרעמדע וועל איך מוזן בענטשן. ווער וועט דאָס מיר דערפאַר שטראָפן? זי הוסט. דער אָטעם פאַרכאַפּט. ליגן דאַרף איך. אָבער נאָר טויטע קענען בלייבן. וואָס וואָלט איר אָן מיר געטאָן? שוין דריי יאָר ווי אַייער טאַטע איז געשטאָרבן, מיר אַן אלמנה מיט אַייך — צוויי קינדער — אויף די הענט אויף דער פרייער וועלט געלאָזן. זי הוסט. אָי, דער אָטעם!

ערשטע קינד:

נאַ, מאַמעניו, אַ ביסל וואַסער. זי טרינקט.

מוטער:

לייכטער געוואָרן, שאַ, קינדער, איר הערט? הינטער דער סצענע הערט זיך אַלץ נעענטער און נעענטער אַ לידל פון אַ פרוי, וועלכע רופט איר זון צו זיך. דער זון געפינט זיך אויפן שלאַכט־פעלד. פון וואַנען גייט דאָס אַזאַ טרויעריקער געזאַנג? איר הערט? אַלץ נעענטער און נעענטער... אַ שטים פון אַ פרוי, אָבער וואָס וויינט זי, וועמען רופט זי?

ערשטע קינד:

יאָ, מאַמעניו, דאָס איז עפּעס ניט קיין געזאַנג. אָט אַזוי וויינט אַ מענטש.

מוטער:

יאָ, דו ביסט גערעכט, דאָס איז אַ געוויין, אַ טיפער שמערץ, אַ טרויעריקעס לידל...

ק י נ ד ע ר:

עפּעס וועגן אַ זון, זי רופט אים צו זיך...

מ ו ט ע ר:

דאָס איז געווים אַ מוטערס האַרץ... דאָס האַרץ זאָגט איר, אַז זי האָט איר זון פאַרלאָרן, אָבער זי גלויבט ניט, זי וויל די האָפענונג ניט פאַרלירן. אַלץ נעענטער הערט זיך דער געזאַנג. ס'באַווייזט זיך אַ פרוי אַיינגעהילט אין טיפן טרויער און זינגט דאָס ליד:

וואו ביסטו, מיין זונעניו *),
איינציק קינד מיינס?
אויף וועלכן באַרג, אויף וועלכן פליין
איז פאַרשוואונדן דיין געביין?

איך גיי אום וואַלד אוים — וואַלד אַיין,
פון פעלד אַרויס, אין פעלד אַריין, —
כ'זוך און זוך דיך טאָג און נאַכט,
פיל פיין אין האַרצן און פאַרשמאַכט.

אָט שיינט אויף פאַר מיר אַ שטראַל
פון האָפענונג און גלויבנס־קוואַל,
איך וועל דערלעבן נאָך צו זען
מיין קינד קומען פון „פלען".

נאָר ס'געווערט איין אוינגבליק —
טיפער יאוש קומט צוריק...
ס'אַ פאַרבלענדעניש — וויי און ווינד!
כ'שפיר — פאַרלאָרן איז מיין קינד!

פאַרלאָרן — ווייט פין טאַטנס הויז,
פון מאַמעס אויג, פון מאַמעס שוים,
אין אַ העק אויף פרעמדער ערד
געפאַלן פון שונאס שווערד.

ענדיקנדיק דאָס ליד גייט די פרוי, וועלכע איז איינגעהילט טיף אין טרויער, פאַרביי.

---

*) דאָס ליד האָט אָנגעשריבן א. י. גאָלדשמידט.



מ ו ט ע ר:

זי וואַנדערט פון איין אָרט אויף דעם צווייטן. איצט וואַנ־דערט זי מיט אונז גלייך. קינדער, איר האָט אָפּגערוט, לאָמיר ווייטער גיין. ניט ווייט, ניט ווייט. יאָשקע, נעם דו דעם פעקל און דו, סאָנקע, דעם צווייטן, שווער, האַ?

ע ר ש ט ע  ק י נ ד:

ניט לייכט, אָבער וואָס זאָל מען טאָן?

צ ו ו י י ט ע  ק י נ ד:

מיר וועלן זיך ווי ס'איז צו דער סטאַנציע דערשלעפּן. אָבער די לייכטער, די לייכטער... די פרוי מיט די קינדער גייען אַוועק; ס'גייט פאַרביי איף דער סצענע אַ ייד, אָנגעלאָדעוועט מיט פעק און פעקלעך. ער פירט אַ ציג אויף אַ שטריקל.

ד ע ר  י י ד  מ י ט  ד ע ר  צ י נ:

נאַ, צעבע, נאַ. דו ביסט אויך פאַרמאַטערט? נו, שטיי, כאָטש אַ ווײַלע אָפּרוען. ס'קען זיין, אַז אומזיסט פיר איך דיר. מ'וועט זאָגן, אַז דו, ציגעלע, קענסט פאַרבלייבן. מיך טרייבט מען אַרוים, אָבער דו... אָי, הינט, מערדער, אַ מענטש איז ביי אייך ערגער, ווי אַ בהמה. ער זיצט אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקן און אַראָפּגעלאָזן די קאָפּ. נו, ציגעלע, וואָס זאָגסטו, מ'דאַרף גיין. ער הייבט זיך שווער אויף און גייט ווייטער. הינטער דער סצענע זיינען אָנגעפאָרן אַ פאָר פורן. ס'גייען אַריין חיים־בער — דער רב, שמשון — דער שמש און הירש — דער חזן.

ש מ ש:

אָט דאָ, רבי, זעצט זיך צו.

ח י י ם = ב ע ר:

משיח'ס צייטן.

ח ז ן:

אָן אַ רצון, זאָגט איר, רבי, קען קיין זאַך ניט זיין. פאַרוואָס איז אַזאַ רצון, אַז מען זאָל אונז טרייבן?

ח י י ם = ב ע ר:

די וועלט איז זינדיק.

ש מ ש:

קיין זאַך איז מיר ניט אַזוי טייער, ווי אונזער שול. דרייסיק יאָר איר נעהיט... די לייבן אויפן פרוכת... צי וועל איך זיי ווידער זען?

ח י י ם-ב ע ר:

מיר וועלן זיך אומקערן.

ש מ ש:

אַ פאַרמאַכטע, אַ פאַרשלאָסענע, אַ פאַרחתמעטע... קיין קול וועט זיך ניט הערן אין די שטומע ווענט...

ח י י ם-ב ע ר

מיט כעס:

איך זאָג, אַז מיר וועלן זיך אומקערן... ס׳איז אַזאַ רצון און מ׳טאָר ניט באַוויינען דאָס, וואָס ס׳איז דאָ און וועט זיין. מ׳קען ניט וויסן, וואָס פון שטורעמווינט וועט געבאָרן ווערן... די הייליקע הייזער וויינען פאַר זיך אַליין, זיי זיינען פוסט. ס׳הערט זיך ניט אין זיי דער געזאַנג און די שטילע תפילה, נאָר אפשר איז דאָס אַן אויסלייזונג. אַזוי איז דער רצון, אָבער מיר וועלן זיך אומקערן, יאָ אומקערן...

ח ז ן:

אפשר וועלן מיר גיין? אַלע הייבן זיך אויף און גייען אַוועק. ס׳גייע פאַרביי אַלטע לייט פון מושב-זקנים. דריי פון זיי זעצן זיך אַפרוען.

ע ר ש ט ע ר:

אָי וויי, קיין דרך-ארץ אַפילו פאַר יאָרן ניטאָ! 82 אָפגעלעבט. פאַר מיינע אויגן האָבן די מענטשן אויף די אייזערנע רעלסן אָנגעהויבן צו פאָרן.

צ ו ו י י ט ע ר:

איך געדענק, ווען די מאַשינעס האָבן אָנגעהויבן צו פייפן. דו געדענקסט, בערל?

ד ר י ט ע ר:

פאַרוואָס זאָל איך ניט געדענקען... איך געדענק.



ע ר ש ט ע ר:

בעסערע צייטן געווען. וואָס טויגן מיר די חכמות, ווען זיי ברענגען אומגליקן אויף דער וועלט. שלמה המלך האָט געוואוסט אַלע חכמות, אָבער ער האָט זיי ניט אויסגעזאָגט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט אומגליקלעך מאַכן דעם מענטשן.

ד ר י ט ע ר:

שאַ, הערט זיך צו. דאָס פירט מען קראַנקע... קימפעטאָרינס פירט מען, קינדער אין די וויגן טראָגט מען...

צ ו ו י י ט ע ר:

ווילדע חיות אין וואַלד האָבן אויף זיי רחמנות. אַ מענטש איז ערגער פון אַ חיה. וואו וועלן מיר ענדיקן אונזערע טעג? וואו וועלן מיר געפינען אונזער רו?

ע ר ש ט ע ר:

מיר וועלן שוין ווי ס׳איז ענדיקן, אָבער וואָס וועט זיין מיט די קומענדיקע דורות?

צ ו ו י י ט ע ר:

דאָס וואַקסט אַ גזלן... ניטאָ קיין גאָט אין האַרצן. נייע לוחות וועלן געגעבן ווערן. פון די אַלטע איז גאָרניט געבליבן; אָבער ס׳איז שוין צייט צו גיין, הייבט זיך אויף...

ע ר ש ט ע ר:

כאָטש נאָך אַ ווײַלע. שווער אויפצוהויבן זיך. ס׳ציט צו דער ערד. נאָך אַמאָל אָנקוקן דעם העלן הימל, די אומגעגנט אין אונזער שטאָט, נאָך אַמאָל זעגענען זיך מיט דער פאַרגאַנגענהייט. אומקערן וועלן מיר זיך שוין ניט. אונזערע ביינער וועלן רוען אויף אַן אַנדער אָרט, ווייט, ווייט פון דאַנען און דער פאַרבייגייענדיקער מענטש וועט ניט קענען אָנרופן דעם נאָמען פון די, וועמענס גוף ס׳דעקן צו די שטומע בערגלעך. קינדער געהאַט — אַלע געשטאָרבן. אייניקלעך פאַראַן — וואו זיינען זיי? וועמען פון זיי נייט דאָס אָן, אַז ס׳לעבט אויף דער וועלט אַ מענטש, וועלכער איז געווען אַ פאָטער פון זייער פאָטער?

צווייטער:

אָבער ס'איז שוין צייט... אויך מיר ציט צו דער ערד. נאָך זיבעציק יאָר איז אַ מענטש אַן איבעריקער, נאָר אַן איבע־ריקער.

דריטער:

מ'דאַרף זיך אײַלן. דער וועג איז ווייט...

ערשטער:

יאָ, מ'דאַרף זיך אײַלן. דער וועג איז ווייט... זיי שטייען אויף.

הינדבערג

וואַנזיניק געוואָרן, שטעלט זיך אָפּ און קוקט זיך אַרום, ווייזנדיק אַ פּאַק שליסלען:

שטייט, יידן, וואו אײַלט איר זיך? איר זעט וואָס דאָס איז? מיט אָט די שליסלען האָב איך אַלץ פֿאַרשלאָסן. קיינער וועט ניט רירן. און איר? איר זייט דען מענטשן? כאַ־כאַ־כאַ! ווען איינער זאָל זאָגן צום צווייטן — איך וויל ניט, איך וויל ניט קיין מלחמה, וואָלט קיין מלחמה ניט געווען. מײַנע דרײַ זין וואָלטן אין דער היים געבליבן. אַך, מײַנע קינדער! וואו זייט איר? כאַ־כאַ־כאַ! איר זעט אָט דאָרטן אין הימל... נאָר וואו אײַלט איר זיך?

צווייטער:

איר זעט דען ניט, אַז ער איז געווירט?

הינדבערג:

כאַ־כאַ־כאַ! איר שפּאַרט זיך אָן אויף אײַערע שטעקנס און גייט אין אַן אַנדער לאַנד. איר לויפֿט, ווײַל דאָ איך אײַך ענג, דאָ איז פֿאַר אײַך קיין אָרט ניטאָ! שטייט, אײַלט זיך ניט. דאָרט איז ניט בעסער. מענטשן זוכן דעם גן־עדן מיט לאַמטערנעס. מיט לאַמטערנעס זוכן זיי אים! ווייסט איר דען ניט, אַז דער גן־עדן איז אויף יעדן אָרט, וואו איר געפינט זיך! אָט זעט די שליסלען, מיט זיי האָב איך אַלץ פֿאַרשלאָסן, אָבער דעם גן־עדן האָב געלאָזן אָפֿן. גייט, ווער ס'וויל! נאָר איר ווילט ניט. איר האָט ניט קיין מוט. כאַ־כאַ! ער איז אָפֿן און פֿרײַ פֿאַר אַלעמען...



ערשטער:

ליבער ייד, איר זייט אפשר גערעכט, אָבער מיר פֿאַרשטייען אײַך ניט. לאָמיר גיין. ס'איז שוין צייט! גייען אַוועק.

הינדבערג:

מײַנע קינדער! וואו זייט איר? וואו ביסטו, חיימקע? וואו ביסטו, לייזערקע? וואו איז מײַן בנימקע, מײַן מוזיניקל? איר זייט אַוועק פֿאַרטיידיקן די גרענעצן פֿון לאַנד. וועלכע גרענעצן? אַלע פֿאַרטיידיקן די גרענעצן, אַלע שרײַען, אַז מ'וויל זיי באַרויבן, פֿאַרניכטן, כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ! מערדער, פֿאַרוואָס האָט איר צוגענומען מײַנע קינדער? זיי ווילן לעבן, וואָס האָט איר צו זיי? ס'גייען פֿאַרבײַ יידן מיט פּעק אויף די פּלייצעס. שטייט, וואו אײַלט איר זיך? צוויי בלײַבן שטיין. דער וועג צו באַפֿרײַונג איז אַ ווייטער, זייער אַ ווײַ־טער, פֿריער דאַרף ער אויסגעטראָטן ווערן... דערנאָך דאַרפֿן אַלע גלײַך ווערן. די הויקערס דאַרפֿן אַרונטערגענומען ווערן. ס'דאַרף זײַן אַ פֿרייער ווילן. ניטאָ קיין שקלאַפֿערײַ, איך וויל ניט!...

ערשטער דורכגייער:

ס'איז ניט צו פֿאַרשטיין.

הינדבערג:

איר זייט ניט דערוואַקסן.

צווייטער דורכגייער:

עפּעס אַ טשיקאַווע זאַך, ווענן וואָס רעדט ער? ווענן די צוקונפֿט?

הינדבערג:

איר וועט שוין שקלאַפֿן בלײַבן.

ערשטער דורכגייער:

גייט, רב ייד, שטעלט זיך ניט אָפּ. די צייט איז טײַער. איר קענט פֿאַרזאַמען...

צווייטער דורכגייער:

קומט מיט אונז.

הינדבערג:

איך וויל אָבער נקמה נעמען... טיראַנען פון דער וועלט, וויפל זייט איר? אַ הייפעלע, נו, לאָמיר זיך פאַרמעסטן מיט די קרעפטן; דעם לעצטן מאָל פאַרמעסטן... כאַ-כאַ-כאַ!

ער גייט אַוועק.

הינטער דער סצענע דערהערן זיך אייניקע שטימען פון פרויען. ס'גייען אַריין פרוי שאַלימאַן, איר טאָכטער ליבע, די ניאַניע און איליושע.

ניאַניע:

זעצט זיך צו. איליושענקע וועט דאָ אַ ביסל אָפּרוען.

ליבע:

מאַמעניו! ס'איז שוין שפעט. מיר וועלן ניט באַווייזן...

פרוי שאַלימאַן:

נעהאַלטן אין די הענט און פאַרגעסן. איך קען ניט, איך מוז דאָס בילד האָבן.

ניאַניע:

איזענקעס בילד, נו, איך וועל גיין, אפשר וועל איך באַווייזן...

ליבע:

ניין, די צייט איז קורץ.

פרוי שאַלימאַן:

אָבער איזעס בילד, כאָטש זיין בילד. אַך, מיין זון, וואו ביסטו?

ליבע:

אין אַלטן אַלבום, וועלכן מיר פירן מיט זיך, איז פאַראַן איזעס בילד.

פרוי שאַלימאַן:

דאָס איז אָבער אַ בילד פון די קינדעריאָרן. דעם לעצטן מאָל האָט ער זיך אַרונטערגענומען אין מיליטער-קליידער...

ליבע:

ניט לאַנג, מאַמעניו, וועט דער קריג דויערן. אַלע וועלן זיך אומקערן — איזע, דוד, אַלע, אַלע.



ניאַניע:

און אין דער אַלטער היים וועלן מיר זיך אַלע אינגיכן אומקערן. אַלץ איז דאָך גוט פאַרפאַקט. קיין זאַך וועט ניט פאַרלאָרן גיין. גרויסע שלעסער הענגען.

ליבע:

די פיאַנע, ניאַניע, מיין אינסטרומענט, אויף וועלכן איך האָב די בעסטע לידער פון מיין האַרצן געשפילט און געזונגען... זי וועט שווייגן, שטום בלייבן. ווער ווייס ווי לאַנג?

פרוי שאַלימאַן:

יאָ, ווי לאַנג? די זאַכן, ווער דענקט וועגן זיי? די קינדער, דאָס דריקט מיין האַרץ, ווי מיט אַ שווערן שטיין. זאָל אַלץ צעבראָכן, צעשמעטערט ווערן. דאָס האָב און גוטס איז ניט ווערט, אַז מען זאָל זיך וועגן אים קימערן. ס'גייט פאַרביי דער קרעטשמע אַ ייד, אָנגעלאָדעוועט מיט זאַכן, ער זעצט זיך צו.

דער דורכגייער:

אָ, פרוי שאַלימאַן, אַלע נייען מיר אין איין וועג. אַלץ פאַרלאָזן: די מיל, דעם טאַרטאַק, דאָס הויז און גענומען דעם וואַנדערשטעקן. ניט גוט ערגעץ וואו אין דער פרעמד אָנהייבן מיט ליידיקע הענט אַ נייעם לעבן.

פרוי שאַלימאַן:

מיר איז ערגער; מיין מאַן, מיינע קינדער זיינען אויף אַלע פראָנטן. די געפאַר איז גרויס. איר וועט זיך איינאָרדענען, ווידער געפינען פאַר זיך אַ באַשעפטיקונג. איין קאָפּ אויף די פלייצעס.

דער דורכגייער:

אָבער פאַרוואָס?

פרוי שאַלימאַן:

אויף דער פראַגע וועט אייך קיינער קיין ענטפער ניט געבן.

דער דורכגייער:

ס'איז שוין, פרוי שאַלימאַן, צייט צו גיין. מ'קען נאָך פאַרשפעטיקן.

פרוי שאַלימאַן:

יאָ, מען דאַרף זיך קלײַבן אין וועג. דער דורכגייער גייט אַוועק.

פון ווייטן דערהערט זיך דאָס קלאַפּן פון אַ פּויק. דערנאָך דערהערט זיך אַ געזאַנג פון סאָלדאַטן.

ליבע:

דו הערסט, מאַמעניו? זאָלן דאָס זעלנער מאַרשירן? דאָס איז עפּעס ווי זייער אַ לידל.

פרוי שאַלימאַן

צוהערנדיק זיך:

יאָ, עפּעס אַזוי ווי זעלנער זאָלן מאַרשירן.

דער געזאַנג הערט אויף און אין קרעטשמע לויפט אַרײַן איזע אָנגעטאָן אין פּולער אוניפאָרם.

איזע:

מאַמעניו!

די מוטער, ליבע, ניאַניע

אַלע צוזאַמען:

איזע! איזעניו!

פרוי שאַלימאַן:

לאָז מיר זיך אויף דיר אָנקוקן. אָט אַזוי... אָפּגעברענט פון דער זון...

ליבע:

איזענקע זעט גוט אויס...

ניאַניע:

ווייז, איך וויל אויף מײַן האָרעוואַניק אַ קוק טאָן...

איזע:

וואָס מאַכן אַלע איבעריקע? אַך, די גרויזאַמע, שרעקלעכע פאַראָרדענונג... ניאַניע, וואו פאָרסטו? דו קענסט דאָך דאָ בלײַבן.

ניאַניע:

איך קען פאַרבלײַבן, איך האָב רעכט... אָבער איך וויל ניט. וואו אַלע וועלן זײַן, וועל איך אויך זײַן!



איזע:

קער זיך אום. צו וואָס דאַרפסטו וואַנדערן? אין דער פרעמד איז ניט גוט.

פרוי שאַלימאַן:

מיר האָבן איר פּרובירט אײַנרײדן, אָבער זי איז פעסט בײַ איר באַשלוס. זי וויל נאָר מיט אונז.

ליבע:

ניאַנע, קער זיך אום. דו וועסט אויף אונז וואַרטן.

ניאַניע:

25 יאָר מיט אײַך צוזאַמען געלעבט, אַלעמען אויף די הענט געטראָגן, אויסגעהאָדעוועט, און איצט זאָל איך אײַך פאַרלאָזן? אַ טרוקן שטיקל ברויט — אָבער מיט אײַך צו־זאַמען.

פרוי שאַלימאַן:

נו, אויב דו ווילסט, אָבער אין אַ פרעמדער שטוב צו זײַן, בײַ אַ פרעמדן טיש צו זיצן...

ניאַניע:

אויף דאָס ערנסטע בין איך גרייט.

איזע:

ניט אויף לאַנג, ניאַניע, ניט אויף לאַנג! איזע קושט די ניאַניע. מיר וועלן זיך אומקערן און נאָר אין ניכן. ס'וועט ניט לאַנג דויערן...

פרוי שאַלימאַן:

וואו זײַנען דײַנע זאַכן?

איזע:

אַ ביסל דאָ אין ראַנצן און אַ ביסל אין קופערט. וויפל דאַרף אַ זעלנער האָבן? באַקומסטו בריוו פון אַלעמען?

פרוי שאַלימאַן:

אַך, איזע! די פעלדפּאָסט גייט זייער לאַנגזאַם. פון פאָטער שוין 2 וואָכן האָב איך קיין בריוו ניט באַקומען. פון דודן איז אויך ניט צו הערן.

ליבע:

איצט וועלן זיי נאָרניט וויסן וואוהין צו שרייבן.

פרוי שאַלימאַן:

איזע, דו ביסט אין שלאַכט געוועזן?

איזע:

דו מיינסט, אַז אַ מלחמה איז עפּעס אַ שפּאַציר?

פרוי שאַלימאַן:

וואו וועסטו זיך די נאָענטסטע צייט געפינען?

איזע:

מיר גייען אין רעזערוו. וואו מיר וועלן זיך אָפּשטעלן, ווייס קיינער פון אונז ניט.

ניאַניע:

אויף וואָס שלאָפסט מיין איזע?

איזע:

אויף וואָס ס'מאַכט זיך, אַפילו אויף דער ערד...

ניאַניע:

אויף דער ערד!! צי האָט מיין נאָלד צו עסן, טרינקען?

איזע:

אַלץ איז פאַראַן.

ניאַניע:

איזע, דו בענקסט נאָך דער היים?

איזע:

ניאַניע, ס'איז שפּעט וועגן דעם צו ריידן.

פרוי שאַלימאַן:

ס'איז שוין צייט. וואָס טוט מען? לאָמיר זיך זעגענען. מיין טייער קינד! אַלע מלאכים פון הימל זאָלן דיך היטן! קושט און וויינט. זיי געזונט... אַך, מיין נאָלד!

ליבע:

זיי געזונט און שרייב אַלע צוויי, דריי טעג.

ניאַניע:

מיין קרוין, מיין נחת... קושט דריי מאָל איזען און וויינט.



איזע:

זייט אַלע געזונט. מיר וועלן זיך אין גיכן זען! ניט לאַנג וועט דויערן. בלייבט אַליין. מיינע טייערע! טרויעריקע, וואַנזיניקע געדאַנקען זיינען צו מיר אין יענע טעג געקומען. פאַר וועמען און פאַרוואָס? ווער קען מיר איצט ענטפערן? מיליאָנען מענטשן ווערן געטריבן אין פייער, אין גהינום — צוליב וואָס, צוליב וועלכע צוועקן? אַ מענטש איז אַ שקלאַף און איך... איך בין געלאָפן פרייוויליק. נאַטאַשע קומט מיט פעקלעך, קוקט זיך אַרום און באַמערקט איזען.

נאַטאַשע:

איזע! ווי קומסטו אַהער?

איזע:

אַך, נאַטאַשע, מיין נאַטאַשע!!

נאַטאַשע:

איך אַייל זיך. שוין די לעצטע צוגן גייען אָפּ.

איזע:

ביי וועלכע טרויעריקע אומשטענדן!

נאַטאַשע:

שפּיאָנען, פאַררעטער! מ'טרייבט אונז ווי די גרעסטע פאַרברעכער... וואָס זאָגט דיר דיין געוויסן?

איזע:

צו שפּעט, נאַטאַשע, צו שפּעט. די באַגייסטערונג איז אַוועק ווי אַ רויך. געבליבן זיינען נאָר די פליכטן.

נאַטאַשע:

כאַ-כאַ-כאַ פליכטן... קעגן וועמען?

איזע:

קעגן דעם געוויסן.

נאַטאַשע:

זיי זיינען צווייפלהאַפטע, אָט די פליכטן...

איזע:

ווי קען דאָס זיין?

נאַטאַשע:

פאַראַן העכערע...

איזע:

וועלכע, מיין טייערע?

נאַטאַשע:

מ'דאַרף זיך נאָר אַריינטראַכטן...

איזע:

איך ווייס ניט, איך פאַרשטיי ניט...

נאַטאַשע:

פליכטן קענן די אייביקע פרינציפן: „ניט הרגע!“

איזע:

וואָס זאָגסטו?

נאַטאַשע:

דאָס איז דאָס גרעסטע פאַרברעכן.

איזע:

איצט איז שוין שפעט, נאַטאַשע, שפעט...

נאַטאַשע:

ניין, נאָך ניט שפעט.

איזע:

ווי אַזוי? וואָס מיינסטו מיט דעם?

נאַטאַשע:

וואַרף אַוועק דאָס געווער. איך וועל דיר געבן קליידער. מיר וועלן ביידע אַנטלויפן. איבער צוואַנציק גרענעצן, אויב ס'וועט זיין נייטיק, וועל איך דיך איבערפירן. גיכער, די צייט איז קורץ... אַנטשליס זיך, מיין טייערער, מיר וועלן לויפן...

איזע:

דו האָסט מיך איבערראַשט. שטיי, ווענן וואָס רעדסטו?

נאַטאַשע:

איזע, לאָמיר לויפן, וואַרף אַראָפ די קליידער.

איזע:

ניין, מיין טייערע, איך קען ניט. דאָס געווים...



נאַטאַשע:

וועמען פאַרטיידיקסטו? די באַרבאַרן, די טיראַנען...

איזע:

איך קען ניט...

נאַטאַשע:

דו ווילסט ניט.

איזע

שטעלט זיך אויף די קני:

מיין טייערע, מיין לעבן, נאָר דער טויט קען אונז צעשיידן...

נאַטאַשע:

אַך, איזע, איזע...

איזע:

איך שווער דיר מיטן לעבן, מיט אַלץ, וואָס ס'איז מיר הייליק... ס'דערהערט זיך דער פויק. נאַטאַשע, טייערע נאַטאַשע, דאָס רופט מען מיך.

נאַטאַשע:

יאָ, דאָס רופט מען דיך. אָבער דו וועסט ניט גיין. וואַרף אַראָפ די קליידער. טו זיך איבער אין אַנדערע. מיך וועלן לויפן. נאַטאַשע רייסט פון איזען דעם ראַנעץ. ס'באַווייזן זיך דריי זעלנער, וועלכע שרייען אויס.

דער קאַפּראַל:

וואָס איז דאָס? דו ווילסט אַנטלויפן? נעמט אים!! מיר וועלן דיר באַווייזן!

נאַטאַשע:

וואָס טוט איר? נעמט מיך אויך!

הינטער דער סצענע הערט זיך דער געזאַנג פון דער פרוי.

ווי לאַנג נאָך האָב איך דיך געוויינט
און מיט לידער פאַרגינינגט!
בייטאָג אויף דיר מיט ליב געאַכט,
ביינאַכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט.

מיט ציטער=פלאַטער מיר מיין האַרץ
האָט געצאַפּלט אויף דיין שמאַרץ,
איך האָב דיין קלענסטן וויי געשפּירט
און טיף אין האַרץ געווען גערירט.

מיין בליק האָט תמיד דיך געגלעט
מיט אַן אָנווערטערדיק געבעט.
צום הימל ווענן דיר געווענדט
צו שירמען דיך פון בייזע הענט.

אויף גאָטס השגחה אָנגעלענט,
דיך געטראָגן אויף די הענט
אין שול מיט ליבע איינגעהילט
צום גליק צום אמתן געצילט.

פון יעדן בייז געהיט דיין גוף,
דיין זעל, דיין נאָמען, דיין באַרוף,
מיט כל הסגולות דיך געהיט, —
נאָר — ווינד און וויי! — ניט איינגעהיט.

דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ.

---



# אַ בילד צום דריטן אַקט.

ס'קומט פאָר אויף די פּאָזיציעס הינטער די שלאַכט-פעלדער. אַ לאַזאַרעט-פּאַלאַטקע. וויט אין אַ ווינקל ליגט אויף אַ בעטל איזע שאַלימאַן מיט פאַרבונדענע אויגן. לעבן אים זיצט אַ באַרעמהערציקע שוועסטער. נעענטער אויף דער בינע זיצט אַ דאָקטאָר, וועלכער פאַרצייכנט עפּעס אויף אַ פּאַפּיר. הינטער דער סצענע, פון דער ווייטנס הערן זיך זאַלפּן פון ביקסן, שאָסן פון האַרמאַטן, געשרייען: „הוראַ!“—נאַטאַשע, אָנגעטאָן אין קליידער פון אַ באַרעמהערציקער שוועסטער, גייט אַריין אין פּאַלאַטקע.

ד אָ ק ט אָ ר:
ווי האָט איר געוואַגט אין אַזאַ באַטאַליע צו גיין. פון וואַנען קומט איר?

נ אַ ט אַ ש ע:
ליבער דאָקטאָר, וואָס איז מיט איזאַק שאַלימאַן? ס'איז פאַראַן וועלכע ס'איז האָפענונגען?

ד אָ ק ט אָ ר:
זיין לעבן איז ניט אין געפאַר. אָבער די אויגן...

נ אַ ט אַ ש ע:
וואָס די אויגן?

ד אָ ק ט אָ ר:
די נאַזן... די שרעקלעכע גאַזן...

נ אַ ט אַ ש ע:
וואָס זאָגט איר, דאָקטאָר, וואָס זאָגט איר? איך האָב ניט גוט פאַרשטאַנען.

ד אָ ק ט אָ ר:
ס'איז מיר לייד אייך צו דערקלערן, נאָר איר ווילט דאָך וויסן דעם אמת?

נאַטאַשע:

ליבער דאָקטאָר, נאָר דעם ריינעם אמת, נאָר דעם אמת.

דאָקטאָר:

שאַלימאַן איז בלינד.

נאַטאַשע:

אינגאַנצן?

דאָקטאָר:

ליידער אינגאַנצן.

נאַטאַשע:

קיין רעטונג ניטאָ?

דאָקטאָר:

ליידער ניטאָ?

נאַטאַשע:

בלינד... קיין רעטונג ניטאָ... אַך, ווי שרעקלעך דאָס איז!

דאָקטאָר:

יאָ, פיל, פיל זעען מיר זיך דאָ אָן.

נאַטאַשע:

ליבער דאָקטאָר, נאָך איין ביטע: איך קען אים אָנקוקן?

דאָקטאָר:

דאָרטן אויף אַ בעטל מיט פאַרבונדענע אויגן.

*נאַטאַשע גייט צו צום בעטל, בלייבט שטיין פאַרגליווערט.*

*דער פאָרהאַנג לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ.*

---



# דריטער אַקט

*1918 יאָר אין וואוינונג פון ד״ר שאַלימאַן — אין דער אַלטער היים. די מעבלירונג פון דעם צימער די זעלבע. ס׳פעלן נאָר איינציקע זאַכן.*

ניאַניע

*דוימט און ברענגט אין אָרדענונג דאָס צימער. זי רעדט צו זיך אַליין:*

נאָך אַזעלכע אומגליקן... קוים האַלטן זיי זיך אויף די פיס. ווי אַלט און איינגעבויגן איז מיין הער! אים, אַ דאָקטאָר, וועלכער איז נאָר אין די שפּיטאָלן געווען, האָט די מלחמה אויך ניט געשאַנעוועט. אַ גראַנאַטע האָט אים אַ פּוס צעשעדיקט. ער שלעפּט די פּוס אַזוי, ווי זי וואָלט געווען ניט זיינע, און ווי נאָר אַ נאַסער וועטער — ווערט ער געל, ווי וואַקס... און די מאַדאַם, אַך מיין טייערע מאַדאַם! די אויגן ווערן ביי איר קיינמאָל ניט טרוקן... דער איידעם איז אין די קאַרפּאַטן געפאַלן. ווי אַ לעבעדיקער *ווייזנדיק אויפן בילד אויפן וואַנט* שטייסטו פאַר מיינע אויגן! און מיין איזע... אַך, מיין גאָט! אַ שרעק גייט איבער אַלע מיינע איברים... מיין טייערער איזע! דו ביסט לעבן געבליבן, אָבער דו האָסט דאָס בעסטע, דאָס טייערסטע אין לעבן פאַרלאָרן, — די ליכטיקייט, די שיין פון דער זון! וואָס איז אַ מענטש אָן אויגן? *פון צווייטן צימער הערט זיך: „ניאַניע, ניאַניע!‟* באַלד, מיין טייערע, איך ענדיק אויפראַמען. איך גיי באַלד. דאָס רופט מיך לובאָטשקע, מיין פייגעלע. ס׳פּלאַצט מיר מיין האַרץ, ווען איך זע ליבען. אירע טרויעריקע אויגן שטעכן מיך ווי שפּיזן. זי רעדט ניט, זי שווייגט, אָבער איר שווייגן... אַ מענטש, וועלכער רעדט ניט אוים די צרות, וועלכער שרייט ניט אוים

זיין ווייטאָג, — אַזאַ מענטש דאַרף זיין שטאַרקער, ווי אייזן. אַלץ אין זיך טראָגן, באַהאַלטן, אַז טאַטע=מאַמע זאָל ניט מערקן, אַז אַפילו איך זאָל ניט זען... ווי שרעקלעך דאָס דאַרף זיין. פון צווייטן צימער הערט זיך „ניאַניע!‟ ליבעניו, איך ניי, ניים אַוועק.

ס׳ניים אַריין פרוי שאַלימאַן, פירנדיק איזען אונטערן אָרעם.

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

אָט דאָ, איזענקע, אָט דאָ זעץ זיך. דאָ וועט דיר זיין באַקוועם.

א י ז ע

לאַנגזאַם און מעלאַנכאָליש:

ווי זעט אוים היינט דער הימל?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

בלוי.

א י ז ע:

קיינע וואָלקנס ניטאָ?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

ניי, מיין קינד.

א י ז ע:

איך וויל רויכערן.

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

באַלד, מיין קינד. זי נעמט אַ פאַפּיראָס, צינדט אָן אַ שוועבעלע, פאַררויכערט און דערלאַנגט איזען.

א י ז ע:

ווי זעט אוים די זאָפע, אויף וועלכער איך זיץ?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

דאָס איז די זעלבע, מיין קינד; דו געדענקסט דען ניט? מיט גרינעם פליוש באַצויגן.

א י ז ע:

דאָס איז די זעלבע... מיט גרינעם פליוש. איך געדענק; וואָס געפינט זיך דאָ אין צימער?



פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

אַלץ, וואָס דו געדענקסט. קיין נייע זאַכן האָבן מיר ניט צוגעקויפט. אייניקע האָט מען צעשלעפט.

א י ז ע:

ווער?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

די אָקופּאַנטן און ווער ס׳האָט געוואָלט.

א י ז ע:

די אָקופּאַנטן... און ווער ס׳האָט געוואָלט. דער רונדער טיש איז געבליבן?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

יאָ, מיין קינד.

א י ז ע:

די פּיאַנע?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

געבליבן. זי שטייט אויף דעם זעלבן אָרט — ביי דער רעכטער וואַנט.

א י ז ע:

פאַרוואָס שפּילט קיינער ניט?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

ווער זאָל שפּילן און וואָס זאָל מען שפּילן?

א י ז ע:

כאָטש אַ טרויער=מאַרש...

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

מיין טייערער, צו וואָס זיינען אָט די אַלע שווערע געדאַנקען? מ׳דאַרף זיי פאַרטרייבן.

א י ז ע:

יאָ, יאָ, מ׳דאַרף זיי פאַרטרייבן. די זעלבע און די ניאַניע.

נ י אַ נ י ע:

דער הער איז שוין געקומען. ס׳וואַרטן קראַנקע. איך וועל מיט איזען פאַרבלייבן.

פ ר ו י  ש אַ ל י מ אַ ן:
נו גוט, איך גיי. זי גייט אַוועק.
א י ז ע:
זעץ זיך אַוועק לעבן מיר, ניאַניע. אָט אַזוי ווי אַמאָל, ווען
איך בין געווען אַ קליינינקער. דו פלעגסט מיר דערציילן
פיינע זאַכן — אַמאָל פריילעכע און אַמאָל שרעקעדיקע.
נ י אַ נ י ע:
די גליקלעכע צייטן זיינען אַוועק. ווי אַ רויך זיינען זיי
פאַרשוואונדן.
א י ז ע:
פאַרשוואונדן... פאַרשוואונדן... זאָג מיר, ניאַניע, דו ווייסט,
וואָס ס'הייסט אַן איבעריקער מענטש אויף דער וועלט?
נ י אַ נ י ע:
עפּעס רעדסטו מאָדנע זאַכן. מיין שכל באַנעמט דאָס ניט.
א י ז ע:
אָט אַזוי, אַן איבעריקער.
נ י אַ נ י ע:
ביי גאָט זיינען קיין איבעריקע ניטאָ.
א י ז ע:
ניט קיין נייטיקע.
די מוטער קערט זיך אום, שטייט אין טיר און הערט זיך צו.
נ י אַ נ י ע:
דו, איזענקע, ביסט אַ געבילדעטער. דו האָסט געלערנט. איך
בין אַן איינפאַכע ניאַניע. וואָס פאַרשטיי איך אַזעלכע זאַכן?
א י ז ע:
הער זיך צו, ניאַניע, איך וועל דיר דערקלערן, דו וועסט
פאַרשטיין. אַז ס'איז געווען אַ מלחמה, ווייסטו?
ג י אַ נ י ע:
פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן, מיין טייערער, פאַרוואָס זאָל
איך ניט וויסן. בעסער, אַז זי וואָלט ניט געווען. ס'וואָלטן
אַזעלכע צרות, אַזעלכע אומגליקן, אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן
ניט געווען.



א י ז ע:
און אַז ס'זיינען אומגעקומען מיליאָנען מענטשן, ווייסטו אויך?
ג י אַ נ י ע:
יאָ, מיין גאָלד, אומעטום וואו מען גייט — אין די טאָלן,
אויף די בערג, אין די וועלדער, אויף די פעלדער, —
אומעטום בערגלעך און בערגלעך. אומעטום רוען העלדן.
איזענקע, אָבער צו וואָס דאַרף מען דאָס אַלץ דערמאָנען?
א י ז ע:
און אַז מיליאָנען מענטשן זיינען געבליבן לעבן, אָבער זייער
לעבן איז פאַר זיי ערגער ווי דער טויט, ווייסטו אויך?
נ י אַ נ י ע:
מיין גאָלד, דאָס איז אַלץ ריכטיק, אָבער מען דאַרף וועגן
דעם ניט טראַכטן, ניט ריידן...
א י ז ע:
איך וואָלט וועלן ניט טראַכטן, ניט ריידן, איך וואָלט וועלן
פאַרטרייבן פון זיך די געדאַנקען, די שווערע געדאַנקען,
אָבער... צינד מיר אָן, ניאַניע, אַ שוועבעלע. די מוטער באַ-
האַלט זיך הינטערן טיר. ס'זעט איר ניט. פאַררויכער, אָט אַזוי,
אפשר וועט זיי דער רויך פאַרטרייבן. נו, איצט, וועגן פריי-
לעכערע זאַכן. ווי זעט אויס, ניאַניע, דער פאָטער, די
מוטער, זיי זיינען עלטער געוואָרן?
נ י אַ נ י ע:
נו, נאַטירלעך, מען ווערט ניט יינגער...
א י ז ע:
שטאַרק זיך פאַרענדערט, ניאַניע, יאָ, פאַרענדערט?
נ י אַ נ י ע:
אַ ביסל איינגעבויגן, ווייס געוואָרן... דער פאָטער האָט זיך
געמאַכט אַ מאָדנע געוווינהייט — זיצט אין קאַבינעט און
רעדט צו זיך אַליין.
א י ז ע:
און די מוטער?
ג י אַ נ י ע:
די מוטער, די מוטער... נאָר וועגן דיר טראַכטן זיי, נאָר דו

וואָלסט געזונט זיין, דו וואָלסט זיך פילן ווי אַמאָל. דו געדענקסט, איזענקע, ווי אַמאָל... איך ווייס ניט, צי דו געדענקסט דאָס; ווען דו ביסט אַ קליינער געווען, פלעג איך דיר אויף די הענט טראָגן.

**א י ז ע:**

איך געדענק, פאַרוואָס זאָל איך ניט געדענקען? נו, און די שוועסטער?

**נ י אַ נ י ע:**

וואָס זאָל איך דיר, איזענקע, זאָגן? שווער אַריינצוקוקן אין איר האַרצן. מיין טייבעלע! מיט פאַרטרויערטע אויגן גייט זי אַרום שטענדיק. נאָר ווען זי באַגעגנט זיך מיטן פאָטער אָדער מיט דער מוטער, בייט זיך ביי איר דאָס געזיכט. זי ווערט, מיין טייבעלע, פריילעך, זינגט, אָט אַזוי ווי קיין זאַך וואָלט ניט פאַסירט, אָט אַזוי ווי איר דודל וואָלט געלעבט... כאָטש אַ מענטש בין איך ניט קיין געלערנטער, אָבער איך באַמערק אַלץ, איך פאַרשטיי אַלץ...

**א י ז ע:**

וואָס באַמערקסטו, ניאַניע?

**נ י אַ נ י ע:**

איך באַמערק אַלץ, מיין טייערער, איך באַמערק אַלץ... אָט ווען מיין טייבעלע בלייבט אַליין, נעמט זי איר דודלס פאָרטרעט, האַלט אים לאַנג פאַר די אויגן, קושט אים און באַגיסט אים מיט ביטערע טרערן. *די זעלבע אין ד״ר שאַלימאַן מיט עטלעכע צייטונגען אין דער האַנט.*

**ד״ר ש אַ ל י מ אַ ן:**

דו ווייסט, איזע, זייער פיל נייס אין היינטיקע בלעטער, זייער פיל... איך וועל דיר איבערלייענען, דו ווילסט?

**א י ז ע:**

מיך אינטערעסירט ניט די פאָליטיק, די טאָג־טעגלעכע נאַרישע פאָליטיק. *פון צווייטן צימער הערט זיך אַ שטימע.*

**נ י אַ נ י ע:**

איך גיי... *זי גייט אַוועק.*



**ד״ר ש אַ ל י מ אַ ן:**

פאַרוואָס? אָט הייבט זיך אָן ווידער אַ שטורעם אויף דער וועלט...

**א י ז ע:**

וואָס פאַר אַ שטורעם?

**ד״ר ש אַ ל י מ אַ ן:**

קיינער איז ניט צופרידן. איינע, וואָס מ׳האָט ביי זיי צופיל צוגענומען, די צווייטע, וואָס מ׳האָט זיי צו ווייניק געגעבן, די דריטע, פאַרוואָס זיי קענען ניט זאָגן די געהעריקע דעה, די פערטע, פאַרוואָס ס׳זיצן אויבנאָן אַנדערע און ניט זיי. מיט איין וואָרט — קיין צופרידענע זיינען ניטאָ. דאָס איז אין דער אויסערלעכער פאָליטיק. אין דער אינערלעכער פאָליטיק איז נאָך ערגער.

**א י ז ע:**

אין אויסערלעכער פאָליטיק... אין דער פאָליטיק, וועלכע ס׳מאַכן דיקטאַטאָרן, טיראַנען, די פאָליטיק, וועלכע ברענגט אום מיליאָנען מענטשן..

**ד״ר ש אַ ל י מ אַ ן:**

מיין קינד, זיי ניט אַזוי אויפגערעגט. דו וועסט די וועלט ניט אומענדערן.

**א י ז ע:**

די פאָליטיק, וועלכע מאַכט מיליאָנען מענטשן—קאַליקעס...

**ד״ר ש אַ ל י מ אַ ן:**

ווי קען דאָס אָבער אַנדערש זיין?

**א י ז ע:**

די פאָליטיק, וועלכע פאַרוויסטעט און פאַרניכטעט.

**ד״ר ש אַ ל י מ אַ ן:**

דו ביסט, מיין זון, גערעכט, אָבער ס׳דאַרפן דאָך זיין מענטשן, וועלכע זאָלן אָנפירן.

**א י ז ע:**

אָנפירן... מאַכן פאָליטיק, וועלכע פאַרצאַמט אומעטום מיט

שטעכעדיקע דראָטן, גיסט אַריין סם פון שנאה פון אַ פאָלק צו אַ פאָלק, פון אַ מענטשן צו אַ מענטשן...

ד״ר שאַלימאַן:

אַלע פאַרשטייען דאָס. ניט פון היינט איז דאָס אַזוי און ניט מאָרגן וועט דאָס געענדערט ווערן.

איזע:

ס׳מוז אומגעענדערט ווערן.

ד״ר שאַלימאַן:

ווי אַזוי?

איזע:

מ׳דאַרף אַלע טיראַנען פון דער וועלט מאַכן פאַר איבעריקע, ניט נייטיקע, אָט אַזוי ווי איך בין אַן איבעריקער, ניט קיין נייטיקער.

ד״ר שאַלימאַן:

לאָמיר אויפהערן וועגן דעם צו ריידן. קיין געזונט גיט דאָס דיר ניט צו. טיראַנען וואַקסן ניט אויס פון זיך אַליין.

איזע:

יאָ, איך פאַרשטיי, זיי זיינען אַ פראָדוקט פון דער צייט.

ד״ר שאַלימאַן:

פון אונז אַליין, מיין קינד, פון אונז אַליין...

איזע:

אָבער לאָז מיך צורו. איך בעט דיך, לאָז מיך צורו! פאַר מיינע אויגן זיינען שטענדיק די גייסטער פון די אומגעקו־מענע... די זעלבע און ליבע.

ליבע

פריילעך, לעבעדיק מיט אַ בוקעט בלומען:

אַ שיינער, פיינער טאָג! בלומען שמעקעדיקע. דיר, איזענקע— די שמעקעדיקע און דיר, טאַטעניו, די ווייס־רויטע... אַייער וויכוח לאָזט זיך הערן אין צווייטן צימער, ער איז אַ גאַנץ ערנסטער.

ד״ר שאַלימאַן:

ניט אַזוי ערנסט, ווי דו מיינסט. טיראַנען, טיראַנען, טירא־



נען... נו, מיר וועלן נאָך וועגן זיי ריידן. דערווייל דאַרף מען גיין זען, וואָס מיינע פאַציענטן מאַכן. ד״ר שאַלימאַן גייט אַוועק.

ליבע

פריילעך:

איזענקע, איך וועל דיר אויפשפּילן וואָס ס׳איז, דו ווילסט?

איזע:

ליבעניו, אפשר איז דאָס דיר שווער, אפשר מאַכסטו אַן אָנשטרענגונג?

ליבע:

מיין נאַרעלע, כאַ־כאַ־כאַ! וואָס פאַר אַ נאַרעלע דו ביסט! אַ לעבעדיקער מענטש דאַרף לעבן. איך וועל דיר אויפשפּילן. זי לויפט צו צום פּיאַנע, עפנט זי אויף, לויפט צו צו איזען, נעמט איר פאַרן האַנט און זעצט איר אַוועק ביי דער פּיאַנע. אָט־דאָ וועט דיר זיין באַקוועמער.

איזע:

מיר איז באַקוועם. איך פיל אָבער, ווי ס׳ציטערן דיינע פינ־גער, דיין געלעכטער געפעלט מיר ניט.

ליבע:

פאַרוואָס?

איזע:

ליבעניו, דו שפּילסט פאַר מיר...

ליבע:

פאַר דיר, פאַר מיר, וואָס פאַר אַן אונטערשייד?

איזע:

נו, שפּיל. ליבע שפּילט. אין מיר שטייט די מוטער מיט אַ פאַרטרוי־ערטן געזיכט.

ליבע:

נו, נאָך וואָס ס׳איז?

איזע

קושט ליבען די הענט:

ס׳איז פאַראַן נאָך אַ וועלט, אַ וועלט פון געזאַנג, פון צאַרטע קלאַנגען; דאָרט זיינען קיין טיראַנען ניטאָ. אַך, ליבעניו,

אַזוי האָט געשפּילט נאַטאַשע; נאַטאַשע האָט אַזוי געשפּילט.
דאָס איז אַ חלום.

ל י ב ע:

זי קומט צו פאָרן.

א י ז ע:

ווער?

ל י ב ע:

נאַטאַשע.

א י ז ע:

נאַטאַשע... נאַטאַשע קומט צו פאָרן? זי קומט צו פאָרן... שפּיל נאָך וואָס ס'איז. *ליבע שפּילט. איזע רייסט איבער אינמיטן שפּילן.* ניגון, ניגון! שווער איבערצוטראָגן, ס'דריקט מיר דאָס האַרץ... אַ ליכטיקע וועלט, אַ וועלט, וואו אַלץ שטרעבט צום לעבן, איז פאַר מיר אַ פינסטערע גרוב...

ל י ב ע:

דאָס איז אַ שוואַכקייט. אַ מעלאַנכאָליע... וואָס האָט דיך אַזוי אויפגערעגט?

א י ז ע:

די, וועלכע זיינען אומגעקומען אויף די שלאַכט־פעלדער, זיינען געווען גליקלעכער פון מיר. פילן די שטים פון לעבן, באַגרייפן זי און זיין אומבאַהאָלפן, ווי אַ קינד — וואָס קען זיין שרעקלעכער?

ל י ב ע:

באַרויִק זיך, איזעניקע, באַרויִק זיך, מיין טייערע.

א י ז ע:

לאָז מיך אַליין. איך וועל זיך באַרויִקן. *ליבע גייט אַוועק, די מוטער שטעלט זיך אין טיר. איזע צו זיך אַליין.* די ניאַניע זאָגט, אַז ביי גאָט זיינען ניטאָ קיין איבעריקע, און ווער בין איך? אַפילו דאָ אין צימער ווייס איך ניט, וואו וואָס ס'שטייט. *שטעלט זיך און טאַפּט די זאַכן.* פאַרבונדן די אויגן מיט אַ שוואַרצער טוך, מיט וועלכער מ'באַדעקט אַ געשטאָרבענעם. אַ מערק־ווערדיקע זאַך! איך לעב און בין אַ געשטאָרבענער! מיליאָנען



מענטשן זיינען דערהרגעט געוואָרן. ווער קען צעשטערן זייער רו? און איך... אַך, ווי שיין זיינען די שטראַלן פון דער זון, ווי שיין איז דער בלויער הימל! איך געדענק זיי, איך פיל זיי, אָבער אַ פינסטערע נאַכט האָט זיך אַוועקגעשטעלט, איך זע ניט... וואָס נאָך האָב איך פאַרלאָרן? ניט די אויגן אַליין. נאַטאַשע... דיך האָב איך פאַרלאָרן! ביי מיר אין מאַרך האָט זיך אַיינגעקריצט דיין צאַרט־ווייס געזיכט, דיינע בלויע אויגן... באַוויזן האָסטו זיך אויף איין אויגנבליק, פאַרשוואונדן האָסטו אויף אייביק... דאַרפסטו דען האָבן אַ קאַליקן, וועל־כער זעט ניט די שיין? דאַרפסטו דען האָבן אַ מענטשן וועל־כער איז הילפלאָזער פון אַ קינד? פאַר דיר בין איך אַן איבעריקער, ערגער ווי אַן איבעריקער. פאַר דיר בין איך אַ שלעכטע עראינערונג, אַ קאָשמאַרער שלאָף, פון וועלכען מען קען זיך ניט באַפרייען. *הערט זיך צו און שרייט אויס.* ווער איז דאָ?

*פרוי שאַלימאַן באַהאַלט זיך, אָבער גלייך קומט זי פון אַ צווייטער טיר.*

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

מיין קינד, וואָס ווילסטו? אין צווייטן צימער האָב איך דערהערט דיין געשריי.

א י ז ע

*אָפּווישנדיק דעם שטערן:*

מיר האָט זיך אויסגעדוכט, מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָ אין צימער געפינט זיך ווער ס'איז.

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

אויסער דיר איז דאָ קיינער ניטאָ. באַרויִק זיך, איזעניקע...

א י ז ע:

אַ פּאָר פאַרטרויערטע אויגן האָבן געקוקט אויף מיר. אָט אַזוי ווי זיי וואָלטן עפּעס געבעטן ביי מיר.

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

באַרויִק זיך, איזעניקע. לאָמיר אַרויסגיין אַ ווײַלע אויפן באַלקאָן. דער טאָג איז שיין. די זון וואַרעמט. לאָמיר גיין.

א י ז ע:

לאָמיר גיין כאַטש אויף אַ ווײַלע. גייען אַוועק.

א י ל י ו ש ע:

וואו איז דער אָנקל? ניטאָ, אַוועק. איך וועל זיך דאָ אַוועק=זעצן. אָט אַזוי, אויפֿן טיש, און לאָז ער, דער קרומער רוקן, וואַרטן אויף מיר. אַ גאַנצע שעה געאַרבעט, ווי אין טאַטש=קעס. אַלטע געשיכטע, נײַע געשיכטע, צו וואָס דאַרף איך וויסן אַלע געשיכטעס? שאַ, ווער גייט? פֿון הינטער דער סצענע הערט זיך: „איליושע, איליושענקע, וואו ביסטו?"

א י ל י ו ש ע:

וואו באַהאַלט מען זיך? אָט דאָ. ניין, אונטער דער פּיאַנע. קריכט אַרונטער.

נ י אַ נ י ע:

וואו איז מײַן שטיפער? דער לערער וואַרט אויף אים. איליושענקע, וואו ביסטו?

א י ל י ו ש ע

פֿון אונטער דער פּיאַנע:

קו=קו=רע=קו!!

נ י אַ נ י ע:

אַ דו, מײַן קליינינטשקער, אַרונטערגעקראָכן אונטער דער פּיאַנע, קום אַהער מײַן נאָלד.

א י ל י ו ש ע:

ניאַניע, זאָג ניט, אַז איך בין דאָ. זאָל דער קרומער רוקן אַ ביסל וואַרטן.

נ י אַ נ י ע:

וואָס מאַטערן זיי מײַן קליינינטשקן? וויפֿל דאַרף אַ קינד וויסן? זיי ווילן אָנשטאָפּן אין אַ קליינע קעפּעלע מיט איינ=מאָל אַלע לימודים. וואָס וועט ער פֿאַרזאַמען?

א י ל י ו ש ע:

איך וועל זיך באַהאַלטן, און דו וועסט זאָגן, אַז דו האָסט מיך ניט געפֿונען.



נ י אַ נ י ע:

קיין לינן, מײַן נאָלד, וועל איך ניט זאָגן. ניי, מײַן נחת, זאָג אים אָפּ וואָס ס'איז פֿון די ביכלעך. זאָל ניט זײַן אומ=זיסט זײַן קומען.

א י ל י ו ש ע:

פֿאַרוואָס איז בײַ אים די פּלייצע ניט קיין גלײַכע?

נ י אַ נ י ע:

אַזוי איז ער געבאָרן געוואָרן. אַזוי האָט אים גאָט באַשאַפֿן.

א י ל י ו ש ע:

די אַלטע געשיכטע... די נײַע געשיכטע... דו, ניאַניע, האָסט געלערנט געשיכטע.

נ י אַ נ י ע:

ווי קום איך צו אַזעלכע זאַכן? דאָס איז ניט פֿאַר מײַן קאָפּ. הינטער דער סצענע הערט זיך: איליושע, איליושענקע! דו הערסט? די מאַמע רופֿט דיך.

א י ל י ו ש ע:

באַהאַלט מיך, ניאַניע, באַהאַלט מיך וואו ס'איז. זאָל זי מיך זוכן.

נ י אַ נ י ע:

נו, קריך אַהער.

א י ל י ו ש ע:

אָבער זאָג ניט אוים.

ל י ב ע

גייט אַרײַן:

וואו איז איליושענקע?

נ י אַ נ י ע:

זוך אים, מײַן טײַערע.

ל י ב ע:

וואו ביסטו, מײַן קינד? זי זוכט אים.

א י ל י ו ש ע:

קו=קו=רע=קו!!

ל י ב ע:

וואו ביסטו פֿאַרקראָכן? נו, קריך אַרויס, אָט אַזוי. דער לערער וואַרט אויף דיר.

**איליושע:**

מאַמעניו, זאָג דעם לערער, אַז ער זאָל דערציילן און איך וועל הערן.

**ליבע:**

ער ווייס, ווי צו לערנען. ער וויל, אַז דו זאָלסט אַלץ וויסן, וואָס ס׳פאָדערט זיך.

**איליושע:**

און ווען וועסטו מיט מיר אין קינאָ גיין?

**ליבע:**

קום, מיין קינד, אַז דו וועסט גוט לערנען, וועסטו אין קינאָ גיין. *גייען אַוועק.*

**ניאַניע:**

אָט אַזוי מאַטערט מען קינדער! די שול, אַ לערער, דערנאָך וועט זיך אָנהייבן מיט מוזיק. צי ווערט אַ מענטש דערפון קלינגער, פרימער? אין אַמאָליקע צייטן איז ניט אַזוי געווען, בעסער געווען... אַז איך קוק זיך צו צו די אַלע קראַנקע, וועלכע קומען צו מיין הערן, זע איך, אַז דער מענטש איז איצט גאָר קיין מענטש ניט — אַ שאַרבן, אַ צעבראָכענע כלי, און דאָס איז אַלץ, ווייל אַ מענטש איז פון קינדווייז אָן אויסגעהאָרעוועט, אויסגעמאַטערט... נאָר וואָס שטיי איך דאָ? מ׳דאַרף גיין זען, וואָס איז מיט מיין איזען. זייער אָפט דערמאָנט ער נאַטאַשען. ס׳קען זיין, אַז זי וואָלט געווען, וואָלט וואָס ס׳איז צווישן זיי אַרויסגעקומען. זי האָט דאָך אים זייער ליב געהאַט. זי פלעגט קומען צוויי-דריי מאָל אַ טאָג. נאָר איצט, ווען ער איז אַ בלינדער... זעט, וואָס שטיי איך דאָ? ליב האָבן קען מען אַ מענטשן אָן אַ מום. מיט אַ אומגליקלעכן קען מען נאָר מיטלייד האָבן. און צוליב וואָס זאָל זי קומען אַהער צו פאָרן? זי איז אין אַ לאַנד, ווי מען זאָגט, וואו ס׳איז זייער גוט. כאָטש מיין שכל באַנעמט דאָס ניט. ווי קען דאָס זיין גוט, ווען קיין פריץ איז אויף אַ רפואה ניטאָ? אַלע פריצים זיינען געוואָרן פויערים. די ערד האָט מען צוגענומען און צעטיילט, און אַלע



זיינען געוואָרן גלייכע. זעט, וואָס שטיי איך דאָ? נאָר אויב, זי, נאַטאַשע, וואָלט יע געקומען, וואָלט אפשר איזען פריילעכער געוואָרן. זי איז דאָך אַ מיידל אַ ברען. און שפילן און זינגען, און טאַנצן — ווער קאָן דאָס אַלץ אַזוי, ווי נאַטאַשע? נאָר וואָס האָב איך זיך דאָ אַוועקגעשטעלט? דוכט זיך, אַז איזענקע גייט שוין אין צימער. *זי גייט אַוועק און ס׳גייט אַריין איזע אין באַגלייטונג פון דער מוטער.*

**פרוי שאַלימאַן:**

פילייכט וועסטו זיך, איזענקע, דאָ אַ ביסל צושפאַרן?

**איזע:**

מיר איז אַלץ דערעסן: שטיין, זיצן, ליגן; גיב מיר רוּיכערן.

**פרוי שאַלימאַן:**

נו נעם, מיין טייערער.

**איזע:**

ס׳איז שלעכט, ווען אַ מענטש איז אומבאַהאָלפן, ווי אַ קינד אומבאַהאָלפן.

**פרוי שאַלימאַן:**

יאָ, מיין קינד, אָבער אונז איז דאָס ניט צו לאַסט. ס׳איז ניטאָ די קרבנות, וועלכע מיר אַלע וואָלטן ניט געבראַכט פאַר דיר. מיר טראַכטן נאָר, אַז דיר זאָלן זיין גוט, באַקוועם, דו זאָלסט ניט פילן קיין איבעריקע שמערצן און ליידן.

**איזע:**

דאָס ווייס איך, אָבער די צייט גייט...

**פרוי שאַלימאַן:**

איך פאַרשטיי, דו ווילסט זאָגן: וואָס וועט זיין נאָך אונזער טויט? אַ מענטש לעבט ניט אייביק—דאָס איז ריכטיק. ליבע און איליושע וועלן אונז פאַרבייטן...

**איזע:**

ניט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן. די צייט גייט פאַר אַלעמען. וואָס פאַר אַן אונטערשייד, ווען אַ מענטש שטאַרבט: צו דרייסיק, אָדער צו זיבעציק יאָר?

פרוי שאַלימאַן:

איך פאַרשטיי דיך ניט.

איזע:

מ׳דאַרף זיך נאָר צוגעוויינען צום געדאַנק...

פרוי שאַלימאַן

לויפט צו צום פענסטער:

ס׳איז צו אונז ווער ס׳איז געקומען. אַ פרוי נייט אַראָפּ פון דראָשקע... יאָ, יאָ, אַ פרוי, ווער קען דאָס זיין?

איזע:

געווים אַ פּאַציענט, אַן עקסטרע פאַל. אַ מענטש וויל זיך ראַטעווען. נאַרישער מענטש, צו וואָס איז דאָס נייטיק? לאָז גיין ווי ס׳גייט.

פרוי שאַלימאַן:

עפּעס זיינען דיינע געדאַנקען ניט קלאָר פאַר מיר... נאַטיר־לעך, וויל זיך יעדער ראַטעווען.

איזע:

נאַרישקייטן... נאָר קימער זיך ניט, מאַמעניו, דער ערשטער אויגנבליק איז שרעקלעך. דערנאָך איז ווי די קליינע כוואַליעס אויפן וואַסער, וועלכע זיינען אַרויסגערופן פון אַריינגעוואָר־פענעם שטיין. זיי גייען זיך פונאַנדער, זיי פאַרשווינדן און ס׳באַרויִקט זיך די אייבערפלאַך פון וואַסער...

פרוי שאַלימאַן:

ניט צו פאַרשטיין, מיין קינד, וועגן וואָס רעדסטו?

ס׳לויפט אַריין ליבע און שרייט אויס מיט פרייד: נאַטאַשע איז געקומען, נאַטאַשע איז דאָ! פיבערהאַפטיק שטייט אויף איזע. נאַטאַשע גייט אַריין.

דער פאָרהאַנג פאַלט.

---



# פערטער אַקט

אָנהייב האַרבסט. איזע זיצט אויף דער וועראַנדע איינגעהילט אין אַ מאַנטל. רעדט מעלאַנכאָליש צו זיך אַליין.

איזע:

אַלץ איז ווי אַ חלום. די לעצטע האָפענונגען, אָן וועלכע ס׳האָבן זיך געקלאַמערט מיינע געדאַנקען, זיינען צוניכט גע־וואָרן. אין האַרצן בלייבט נאָך איין טיפע וואונד, וועלכע ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. צי האָב איך ניט פאַר־שטאַנען, אַז נאַטאַשע איז ניט מער ווי אַן ערינערונג פון אַ גליקלעכער פאַרגאַנגענהייט.

ס׳נייען צו אַ פּאָר בעטלער. ס׳לויפט אַריין איליושע.

איליושע:

דאָ ניט ווייט שטייען אַ פּאָר בעטלער: ביידע נאָך גאָר יונגע; איינער האָט אַ פוס, ועט אוים, ניט זיינע, דער צווייטער איז אָן אַ האַנט.

איזע:

יונגע, זאָגסטו?

איליושע:

יאָ, גאָר יונגע.

איזע:

נו, גיב זיי וואָס ס׳איז. לאָז זיי ליידיק ניט אַוועקגיין. אָדער וואַרט, רוף זיי צו, איך וויל מיט זיי אַ ביסל ריידן.

איליושע גייט אַוועק און ברענגט צו פירן די צוויי קאַליקעס.

איליושע:

אָט זיינען זיי, אָנקל.

די בעטלער:

גוט מאָרגן, ליבער הער.

איזע:

גוט מאָרגן, ווער זייט איר און פאַרוואָס דאַרפט איר אָנקומען צו פרעמדע הילף?

ערשטער בעטלער:

גאָט האָט אונז געשטראָפט.

צווייטער בעטלער:

מיר זיינע אומגליקלעכע.

איזע:

איך פאַרשטיי אַייך ניט.

ערשטער בעטלער:

צו פאַרשטיין איז ניטאָ וואָס.

צווייטער בעטלער:

איר זעט דאָך, וואָס פאַר אַ מענטשן מיר זיינען.

איזע:

איך זע ניט.

ערשטער בעטלער:

וואָס הייסט, איר זעט ניט? איר זעט דען ניט, אַז איך האָב אַ פוס פאַרלאָרן.

צווייטער בעטלער:

און ביי מיר האָט אַ האַנט אָפגעריסן.

איזע:

איר זייט קאַליקעס?

ערשטער בעטלער:

מיר זיינען קאַליקעס.

צווייטער בעטלער:

מיר זיינען געשטראָפטע.

איזע:

אילויושע, ברענג מיר עטלעכע מטבעות. אילויושע גייט אַוועק. איר זייט נאָך יונגע מענטשן?



ערשטער בעטלער:

איר זעט דאָך, אַז נאָך גאָר יונגע.

צווייטער בעטלער:

איבער דעם דריטן צענדליק.

איזע:

אַזוי, איבער דעם דריטן צענדליק? וואו האָט איינער פון אַייך דעם פוס פאַרלאָרן?

ערשטער בעטלער:

נאָך גאָט צו דאַנקען, וואָס דער קאָפּ געבליבן אויף די פּלייצעס. די גראַנאַטע האָט זיך צעריסן ניט מער ווי אַ פּאָר צענדליק טריט פון מיר. איינעם אַ חבר, וועלכער איז געשטאַנען לעבן מיר, האָט אויף שטיקלעך צעריסן. אָי, וואָס פאַר אַ מענטש דאָס איז געווען! אַ געבילדעטער, אַ פריילעכער, אַ שיינער און אויך אונזערער, אַ ייד...

צווייטער בעטלער:

מיר האָט אין דער רעכטער האַנט אַ פּאָר קוילן געטראָפן; וואָלט געווען וועלכע ס'איז הילף צו דער צייט, וואָלט אפשר די האַנט געבליבן. אָבער פערציק שעה בין איך געבליבן ליגן...

איזע:

אין וועלכע ערטער איז דאָס געווען?

ערשטער בעטלער:

דאָס איז געווען אין גאַליציע. פריער האָבן אונזערע אַיינגענומען, דערנאָך האָב ווייערע אַיינגענומען. אַזוי איז דאָס געגאַנגען. מיר האָבן קיין מענטשן ניט געזשאַלעוועט, לאָזן זיי וויסן, אַז מענטשן פעלט אונז ניט. און מיר זיינען טאַקע אויף די קאַרפּאַטן געקראָכן. איך אַליין בין דאָרט מער ווי אַ חודש געזעסן. נו, און דערנאָך... דערנאָך... האָט מען אונז ווידער געטריבן.

צווייטער בעטלער:

און ביי אונז איז אויך אַזוי געווען. פריער האָבן מיר אין אָסטפּרייסן אַוועקגעלייגט מענטשן ניט קיין געציילטע און

נעגאַנגען פאָראויס, דערנאָך האָבן זיי, די דייטשן, אויך אַ סך מענטשן געוואָרפן אויף אונז און אונז געטריבן און געשלאָגן אָן רחמנות.

ס'גייט אַריין ליבע.

ליבע

פריילעך:

האָב איך פאַר דיר אַ געשענק, שוין איינמאָל אַ געשענק. די בעסטע האָוואַנער ס'גאַרן און גאַנצע פופציק שטיק. דאָס האָט מען פון אויסלאַנד געבראַכט. אַרומקוקנדיק זיך. וואָס טוען דאָ די בעטלער?

איזע:

גיב זיי וואָס ס'איז און זאָלן זיי גיין.

די בעטלער:

אַ גוטן טאָג. זיי גייען אַוועק.

איזע:

דאָס זיינען ניט קיין בעטלער. דאָס זיינען איבעריקע מענטשן.

ליבע:

איבעריקע? ביי דיר זיינען אַלע איבעריקע, נאַ, פאַררויכער. זי צינדט אָן אַ שוועבעלע, פאַררויכערט און דערלאַנגט איזען. ווי דער רויך שמעקט פון זיי!

איזע:

יאָ, ס'שמעקט. ניט קיין בעטלער זיינען דאָ געווען. דו האָסט ניט באַמערקט. איינער איז אויף איין פוס און דער צווייטער איז מיט איין האַנט געבליבן...

די זעלבע און ד"ר שאַלימאַן מיט חיים-בער דעם רב.

ד"ר שאַלימאַן:

דו ווייסט, איזענקע, ווער ס'איז צו אונז צום באַזוך געקומען? דו געדענקסט אונזער אַלטן פריינד, דעם רבין?

איזע:

ר' חיים-בערן? יאָ, איך געדענק, וואָס מאַכט איר, רבי?

חיים-בער:

שלום-עליכם, וואָס מאַכט איר, איזע? אָן אַ רצון מן השמים



ווערט קיין זאַך ניט געטאָן. ביי אייך אויף דער וועראַנדע איז גאַנץ געמיטלעך.

איזע:

יאָ, רבי, גאַנץ געמיטלעך.

ס'הערט זיך פון צווייטן צימער: „מאַמעניו, וואו ביסטו?"

ליבע:

איך ניי, איליושענקע, איך ניי, מיין קינד! זי גייט אַוועק.

ד"ר שאַלימאַן:

און איר, רבי, האָט אונטער דער צייט ניט ווייניק געוואַנדערט?

חיים-בער:

געוואַנדערט און צוריק אין דער אַלטער היים. אַזוי איז געווען באַשטימט.

איזע:

איר זאָגט, רבי, אַז אַזוי איז געווען באַשטימט. הייסט דאָס, אַז אַלץ ווערט באַשטימט?

חיים-בער:

דעם מענטשן איז ניט אַלץ געגעבן צו פאַרשטיין.

ד"ר שאַלימאַן:

איך פאַרשטיי נאָר די מעדיצין. איבער אַלע איבעריקע זאַכן וויל איך גאָרניט קלערן.

חיים-בער:

און גאַנץ גוט טוט איר. אָט וועגן דער מעדיצין האָב איך זיך טאַקע געוואָלט מיט אייך באַראַטן. די לעצטע צייט האָט זיך ווייזט אויס דער מלאך-המוות אויף מיר שטאַרק אָנגעזעצט. ס'פאַרכאַפּט מיר שטאַרק דער אָטעם. דער הוסט לאָזט מיך ניט קיין נעכט איינשלאָפן. די הענט טרייסלען זיך פון שוואַכקייט.

ד"ר שאַלימאַן:

אויב איר וועט זיך באַמיען אין קאַבינעט, וועל איך אייך אויסהערן.

**חיים־בער:**

איך דאַנק אײַך, ליבער דאָקטאָר, און אײַך, איזע, קען איך נאָר בענטשן, אַז איר זאָלט געפינען אַ גײַסטיקע באַרויִקונג. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

**איזע:**

איך דאַנק, רבי, איך דאַנק אײַך. דער ד״ר און דער רבי גייען אַוועק. איזע, צו זיך אַליין. אַ גליקלעכער מענטש, דער רבי! פאַר יעדער זאַך האָט ער נאָר איין ענטפער: אַזוי איז דער רצון. אומפאַרשטענדלעכע זאַכן איז פאַר אים קלאָר ווי דער טאָג, ווײַל ער גלייבט. מײַן ניאַניע איז אויך אַ גליק־לעכער מענטש. זי וויל אויך קיין זאַך ניט פאַרשטיין. איך האָב איר הײַנט דערציילט, אַז עפּעס אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר געפּלאָנטערט אין קאָפּ, געחלומט, האָט זי מיר גע־זאָגט, אַז אויב אַ הייליקער קומט אין חלום, איז דאָס אַ נוטע זאַך. מיר האָט זיך נאַטאַשע געחלומט. וואָס איז דאָס צו גוטן? זי איז אַ הייליקע?... ס׳ווערט מיר קאַלט. ער קלינגט אין גלעקל. ס׳קומען צו לויפן גלײַכצײַטיק די מוטער, די שוועסטער, די ניאַניע.

**פרוי שאַלימאַן:**

וואָס ווילסטו, איזענקע?

**איזע:**

פיר מיר אין די צימערן.

אַלע גייען אַוועק. נאָך אַ קליינער פּויזע קומען אויף דער וועראַנדע אַ צען— פופצן אינוואַלידן.

**ערשטער אינוואַליד:**

מ׳דאַרף שיקן זאָגן, אַז מיר ווילן זען אונזער חבר איזע שאַלימאַן. אים איז ערגער פאַר אונז. ער זעט ניט די שיין.

**צווייטער אינוואַליד:**

יעדער פון אונז האָט זײַן חלק. צו טראָגן קינסטלעכע פיס, הענט, צו האָבן דורכגעשאָסענע לונגען, צו זײַן אָן אַ נאָז אָדער אָן אַנדערע אבֿרים, אָן וועלכע אַ מענטש איז ניט קיין מענטש — איז בעסער?



**ערשטער אינוואַליד:**

צו וואָס זאָלן מיר זיך פאַרנעמען מיט אַן אַנאַליז, ווען ס׳איז ערגער. מ׳דאַרף ריידן וועגן אונזער דירעקטער זאַך.

די זעלבע און ד״ר און די פרוי שאַלימאַן.

**ד״ר שאַלימאַן:**

מיט וואָס קען איך אײַך דינען?

**ערשטער אינוואַליד:**

מיר זײַנען געקומען צו אײַער זון, געערטער ד״ר.

**פרוי שאַלימאַן:**

צוליב וועלכע אָנגעלעגנהייטן דאַרפט איר אים?

**ערשטער אינוואַליד:**

מיר אָרדענען אײַן אַ דעמאָנסטראַציע.

**פרוי שאַלימאַן:**

מײַן זון וועט אין אַ דעמאָנסטראַציע קיין אָנטייל ניט נעמען.

**ד״ר שאַלימאַן:**

אײַל זיך ניט, מערע, צוערשט פרעג וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך.

**ערשטער אינוואַליד:**

מיר ווילן אײַך טאַקע דערקלערן. רייד דו, חבר פּייפער, דו קענסט גוט ריידן.

**עטלעכע שטימען:**

רייד, חבר פּייפער. רייד אַזוי ווי דו וועסט ריידן אויף דער דעמאָנסטראַציע.

**פּייפער:**

טייערע פרײַנד! אָט זעט איר פאַר זיך מענטשן, וועלכע זײַנען געוואָרן אומבאַהאָלפן אין לעבן. אָן פיס, אָן הענט, אָן אַנדערע אבֿרים. איר זעט פאַר זיך די אומגליקלעכסטע פון אומגליקלעכע. נאָר אונזערע פיזישע ליידן און שמערצן זײַנען ניט אַזוי גרויס, אַזוי שרעקלעך, ווי די מאָראַלישע, ווײַל יעדער פון אונז שטעלט די פראַגע: צוליב וואָס איז דאָס נייטיק געווען? צוליב וואָס איז נייטיק געווען צו טרײַבן

מיליאָנען מענטשן אויף די שלאַכט־פעלדער און דאָרטן פאַר־ניכטן איינער דעם צווייטן? טייכן בלוט האָט זיך געגאָסן און וועמען האָט דאָס נוצן געבראַכט? וועמען האָבן נוצן געבראַכט די אומגעציילטע קרבנות, נאָך וועלכע ס׳טרויערן די הערצער פון די מוטערס, פאָטערס, שוועסטער, ברידער, פרויען און קינדער?

**עטלעכע שטימען:**

וועגן דער צוקונפט, חבר פייפער, וועגן דער צוקונפט רייד.

**פייפער:**

און וואָס וועט זיין אין דער צוקונפט? צי האָבן מיר וועל־כע ס׳איז גאַראַנטיעס, אַז די שרעקן, וועלכע זיינען געווען, וועלכע האָבן געבראַכט אַזוי פיל אומגליקן, וועלן זיך ניט אומקערן און אפשר נאָך מיט אַ גרעסערער קראַפט? וואָס פאַר אַ זיכערקייט איז פאַראַן, אַז אין יעדער אויגנבליק זאָל ניט פאָרקומען אַ קאַטאַסטראָפע, וועלכע זאָל ניט אַרומנעמען אַלץ, וואָס ס׳לעבט, אַלץ און אַלעמען?

**עטלעכע שטימען:**

איצט וועגן די צילן, פייפער, רייד וועגן די צילן און אויפ־גאַבן.

**פייפער:**

אונזערע צילן זיינען אָרגאַניזירן זיך און פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער מלחמה. ס׳איז ניטאָ קיין בעסערע פּראָפּאַגאַנדע, ווי צו ווייזן פאַר די אויגן דאָס גרויסע אומגליק, וואָס אַ מלחמה ברענגט. דעמאָנסטרירן זיך אַליין, דעמאָנסטרירן די לעבעדיקע פאַרגאַנגענהייט איז דאָס בעסטע מיטל צו ווירקן אויף דעם געוויסן, צו ווירקן אויף דעם גאַנג פון דער געשיכטע אַזוי, אַז די וואָס שאַרפן די שווערדן, פאַברי־צירן די ניפטיקע גאַזן, זאָלן זיך פאַרטראַכן אויף דאָס, וואָס ס׳קאָן פּאַסירן.

**ערשטער אינוואַליד:**

איצט פאַרשטייט איר, געערטע פרוי און ד״ר שאַלימאַן, צוליב וואָס ס׳איז נייטיק, אַז מיר זאָלן זיך אָרגאַניזירן.



**פרוי שאַלימאַן:**

יאָ, מיר האָבן אייך פאַרשטאַנען.

**ד״ר שאַלימאַן:**

ליבע פריינד, ווי שוואַך זיינען אָבער אייערע קרעפטן.

**ערשטער אינוואַליד:**

זיי וועלן שטאַרק ווערן, ווען מיר וועלן זיך אָרגאַניזירן אין אַ פּאָליטישן פאַרבאַנד.

**פרוי שאַלימאַן:**

מיר זאָגן אייך צו, אַז אונזער זון וועט גיין אין דער דע־מאָנסטראַציע. איך אַליין וועל אים פירן, דו שטימסט איין, סאַלאָמאָן.

**ד״ר שאַלימאַן:**

יאָ, אונזער זון וועט גיין. אויב אין דער צוקונפט וועט כאָטש איין טראָפּן בלוט פאַרהיט ווערן — וועט דאָס שוין זיין אַ גרויסע זאַך. ליבע פריינד, גייט און וועקט דעם געוויסן, לאָזט אים ניט איינשלאָפן, לאָזט אים ניט רוען.

אַלע גייען אַוועק. פון דער צווייטער זייט באַווייזט זיך נאַטאַשע מיט איזען.

**איזע**

גייענדיק:

ווי לאַנג פאַרבלייבסטו דאָ?

**נאַטאַשע:**

די טעג פאָר איך צוריק.

**איזע:**

אויף לאַנג?

**נאַטאַשע:**

אויף לאַנג, אפשר אויף שטענדיק.

**איזע:**

וואָס ציט דיך צוריק?

**נאַטאַשע:**

וואָס ציט אַ מענטשן צו דער זון?

**איזע:**

די ליכטיקייט, די וואַרעמקייט...

נאַטאַשע:

דאָ, ביי אייך, איז פאַרשטעלט די זון, פאַרטונקלט דער הימל. דאָס לעבן טרייבט דאָ צו האַס, קנאה, שנאה. אַ מענטש אַ מענטשן איז אַ חיה־רעה. דאָרט איז די צוקונפט פון דער מענטשהייט, די צוקונפט, אין וועלכע שווערדן וועלן מער ניט געשאַרפט ווערן, גיפטיקע גאַזן ניט פאַבריצירט ווערן, מיליאָנען אלמנות און יתומים וועלן ניט דאַרפן באַוויינען זייערע שרעקלעכע פאַרלוסטן, דאָרט איז דער ריכטיקער וועג צו פאַרברידערונג פון די פעלקער...

איזע:

גענוג. איך פאַרשטיי דיך... און איך, נאַטאַשע, איך בלייב דאָ אין דער צווייִקער פינסטערניש... און די פאַרגאַנגענ־הייט, נאַטאַשע, די פאַרגאַנגענהייט...

נאַטאַשע:

צו וואָס זיינען ווידער די ערינערונגען?

איזע:

צו וואָס? זיי קריכן אַליין, נאַטאַשע, זיי קריכן ניט ווילנ־דיק אין קאָפּ אַריין. איך קען זיך פון זיי ניט באַפרייען. דאָס איז אַ גילגול, וועלכער זיצט אין מיר. טאָג און נאַכט לאָזן זיי, אָט די ערינערונגען, ניט צורו. זיי עקבערן דעם מאַרך ווי מיט אַ שאַרפן אייזן, זיי בלוטיקן און וויגן דאָס האַרץ ווי פּיאַווקעס, אַך, ווי שמערצלעך דאָס איז, נאַטאַשע, ווי שמערצלעך!!

נאַטאַשע:

איך פאַרשטיי דיך, איזע...

איזע:

דו פאַרשטייסט מיך, אָבער צי פילסטו כאָטש אַ קליינעם טייל פון דעם, וואָס איך פיל און וואָס מאַכט קראַנק מיין גאַנצן וועזן? אָט שטייט אויף אין מיין זיכרון דאָס בילד פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון דער גליקלעכער און אומגליק־לעכער פאַרגאַנגענהייט...



נאַטאַשע:

איזע, די ערינערונגען גיסן נאָר אייל אויפן פייער...

איזע:

דו מוזט אָבער הערן.

נאַטאַשע:

איך הער, מיין טייערער, איך הער...

איזע:

דו מוזט הערן, דו קענסט ניט ניט הערן, ווייל די פאַרגאַנ־גענהייט האָט דאָך אונז צוזאַמענגעבונדן, און איר זיינען מיר געווען ווי איין גוף, ווי איין נשמה און קיינעם, אויסער דיר, קען איך ניט דערציילן, קיינער אויסער דיר וועט מיר ניט פאַרשטיין. און ווען וועל איך האָבן נאָך אַזאַ געלעגנ־הייט? דו פאָרסט דאָך מאָרגן אָפּ. צי דו ווייסט זיך ווען ס'איז אומקערן, איז דאָך ניט באַוואוסט...

נאַטאַשע:

איך גלויב, אַז יאָ, אפשר איינגיכן.

איזע:

דו ווילסט מיך טרייסטן, איך דאַנק דיר, נאַטאַשע. ס'קענען אָבער זיין אומשטענדן, יאָ אומשטענדן... מיר וועלן זיך שוין מער ניט זען, מער ניט טרעפן...

נאַטאַשע:

דו שרעקסט מיך, איזע...

איזע:

אַ מענטש איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש... נאָך אַמאָל איבערלעבן די פאַרגאַנגענהייט איז אוממעגלעך. אָבער ריידן וועגן איר דאַרף איך, מוז איך, דו געדענקסט, נאַטאַשע, די וואַקאַציע־צייט פון 1912טן יאָר?

נאַטאַשע:

ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען די צייט וואָלט זיך אומקערן! דאָס איז אָבער צום אומגליק נאָר אַ בלאַט פון דער געשיכטע...

א י ז ע:

דאָס איז אַ בלאַט פון דער געשיכטע — זאָגסטו?

נ אַ ט אַ ש ע:

דאָס איז דער פאַרגאַנגענער טאָג, וועלכער קען זיך ניט אומקערן, אָבער דאָס אַלץ איז דאָך איבעריק, גאַנץ איבעריק...

א י ז ע

אויפגערעגט:

אַלץ איבעריק, זאָגסטו? נאַטאַשע, אויב אַלץ איז איבעריק, טאָ וואָס האָסטו דאָ צו טאָן? צו וואָס ביסטו געקומען צו מיר? גיי אַוועק פון מיר, גיי אַוועק... דיין גלייכגילטיקייט איז דער לעצטער טראָפּן אין מיינע ליידן...

נ אַ ט אַ ש ע:

באַרויק זיך, איזע, דו האָסט מיך שלעכט פאַרשטאַנען, זעץ זיך אַוועק, אָט אַזוי, וואָס האָב איך געזאָגט? איך האָב געזאָגט, אַז דאָס איז אַ בלאַט פון דער געשיכטע, אָבער דו מיינסט, אַז מיר איז לייכט צו פאַרמאַכן אָט דעם בלאַט, לייכט צו פאַרגעסן די צייטן, ווען מיר האָבן געטרוימט וועגן אַ גליקלעכער צוקונפט? דו מיינסט, אַז מיר איז לייכט אַרויסצורייסן פון די טיפענישן פון מיין נשמה די פאַרשוואונדענע בעסטע האָפענונגען אַזוי, אַז קיין שפור זאָל פון זיי ניט בלייבן? אַלץ איז צעשטערט געוואָרן אין שרעקלעכן וואַנזין... אין פסיכאָז...

א י ז ע:

ווייל איך בין אַ קאַליקער...

נ אַ ט אַ ש ע:

די אומשטענדן, די פאַטאַלע אומשטענדן פון דער גרויזאַמער צייט. איך וואָלט ניט וועלן אַוועקשטעלן די פראַגע: ווער איז שולדיק — איך צי דו? ווייל ס'איז דאָך ווירקלעך אומפאַרשטענדלעך, וואו איז אין יענער טרויעריקער צייט געוועזן דיין הייסע ליבע צו מיר, וועלכע האָט דיך געדאַרפט אויסניכטערן... איך האָב דיר דאַן געזאָגט: וואַרף אַוועק,



איזע, דיינע נאַרישע פליכטן, זיי האָבן ניט קיין מאָראַלן ווערט, וואַרף אַוועק דאָס געווער, וועלכע פאַרניכטעט און פאַרוויסטעט. דו האָסט מיר דען געפאָלגט?

א י ז ע:

דו ביסט גערעכט. איך האָב ניט פאַרשטאַנען דעם אומזין...

נ אַ ט אַ ש ע:

דו האָסט ניט פאַרשטאַנען, אַז גיין הרגענען מענטשן איז אַ שרעקלעכער פאַרברעכן, דער גרעסטער אומזין? וואָס איז אַזוינס אַ מלחמה? מיליאָנען מענטשן נייען און פאַרניכטן איינער דעם צווייטן. צוליב וואָס? מיליאָנען פרויען און קינדער בלייבן עלנטע און קיין זאַך קען ניט אויסהיילן די טיפע וואונדן פון זייער האַרץ, פון זייער נשמה. און צוליב וועלכע צילן קומט דאָס אַלץ פאָר? און די מיליאָנען אומגליקלעכע פון די אומגליקלעכע — די קאַליקעס — צוליב וועלכע אידעאַלן האָבן זיי פאַרגאָסן זייער בלוט, געבראַכט אַלס קרבן זייער לעבן.

א י ז ע:

דו ביסט גערעכט. איך בין דאַן געווען ווי אַ וואַנזיניקער, וועלכער קלעטערט אויף אַ ריזיקאַלער הייך און וויל דערגרייכן דעם הימל, ניט פאַרשטייענדיק, אַז דער הימל איז נאָר אַ פאַרבלענדעניש, אַ מיראַזש, אַז דער טיפער אָפּגרונט שטייט אונטער אים...

נ אַ ט אַ ש ע:

איצט פאַרשטייסטו, אַז דאָס איז ניט געווען קיין הימל, אַז שוואַרצע, שמוציקע כמאַרעס האָבן זיך געטראָגן אַזוי ווי זיי טראָגן זיך אויך איצט נאָך דער בלוטיקער פאַרגאַנגענהייט און קיינער האָט קיין זאַך ניט געלערנט. דו געדענקסט, איזע, אַז ניט נאָר איך, נאָר אַלע דיינע נאָענטסטע און טייערסטע מענטשן האָבן ניט געקענט אויף דיר ווירקן. מיט פאַרבונדענע אויגן, מיט פאַרטונקלטן פאַרשטאַנד ביסטו געגאַנגען צום אומגליק.

א י ז ע:

איך האָב קיינעם ניט פאַרשטאַנען, זיך אַליין ניט פאַר־שטאַנען...

נ אַ ט אַ ש ע:

דערמאָן זיך, איזע, ווען דו ביסט שוין געווען אין מיליטער־קליידער און אונז, יידן, האָט מען געטריבן ווי די גרעסטע פאַרברעכער, דאָרטן לעבן דער פוסטער קרעטשמע, וואָס האָב איך דיר געזאָגט?

א י ז ע:

אַוועקוואַרפן דאָס געווער... איז דאָס דען געווען מעגלעך?

נ אַ ט אַ ש ע:

פאַר אַ מענטשנס ווילן איז קיין אוממעגלעכע זאַכן ניטאָ.

א י ז ע:

דו ביסט גערעכט, נאַטאַשע, הונדערט מאָל גערעכט... אָבער וואָס איז איצט?

נ אַ ט אַ ש ע:

איצט... איצט... דו מיינסט, איזע, אַז דער אומגליק, וועל־כער האָט דיר געטראָפן, איז ניט אַ שאַרפער פייל אויך אין מיין האַרצן? דו מיינסט, אַז דאָס איבערלעבטע האָט ניט איבערגעלאָזן אַ טיפן פאַרבאָרגענעם ווייטאָג אויך אין מיין נשמה?

א י ז ע:

איך זאָג דאָס ניט...

נ אַ ט אַ ש ע:

דו מיינסט, אַז די חלומות, וועלכע האָבן זיך אַרומגעטראָגן אין מיין קאָפּ, דערוועקן זיך ניט טאָג־טעגלעך און פאַר־שאַפן מיר ניט די טיפסטע ליידן?

א י ז ע:

איך זאָג ניט צו צווייפלען...

נ אַ ט אַ ש ע:

דו מיינסט, אַז אַ וואונד איז ווייניקער שמערצלעך דאַן, ווען



זי איז אויסערלעך ניט צו באַמערקן? וואָס האָט מיך גע־צויגן אַהער?

א י ז ע:

איך ווייס ניט...

נ אַ ט אַ ש ע:

דו ווייסט ניט? געצויגן האָט מיך אַהער אַ קראַפט, וועלכע איז מיר אַליין ניט פאַרשטענדלעך. איך האָב דיך, איזע, געוואָלט זען, אָנקוקן און אפשר געפינען אַ טרייסט, אָבער ניט מיין שולד, אַז אַ טרייסט קען איך דיר ניט געבן, דאָס איז ניט אין מיינע קרעפטן...

א י ז ע:

איך פאַרשטיי דיין אַנטוישונג, דיווירקלעכקייט שטויסט דיך אָפּ...

נ אַ ט אַ ש ע:

דאָס איז ניט אַזוי. מיינע געפילן צו דיר האָבן אָנגענומען אַן אַנדער פאָרם...

א י ז ע:

יאָ, נאַטאַשע, קיין אילוזיעס איז ביי מיר ניטאָ. אָבער וואו נעמט מען די קרעפטן צו בלייבן גלייכגילטיק? אַ שפּילער, וועלכער האָט אין קאָן אַלץ פאַרלאָרן, בלייבט דאָך ביי דער האָפענונג, אַז דער גליק וועט זיך אַמאָל אומקערן. נאַ־טאַשע, ביי מיר קאָן דען זיין אַזאַ האָפענונג?

אַ ט אַ ש ע:

ניין. דאָס גאַנצע פאַרמעגן איז פאַרשפּילט. דער פאַרגאַנגע־נער טאָג קען זיך ניט אומקערן. ער איז דאָך אַוועק...

א י ז ע:

ער איז אַוועק. נעמט נאַטאַשעס האַנט. וואָס וואָלט, נאַטאַשע, געווען, ווען פון פריער וואָלט אויף דעם פינגער געשיינט אַ גאָלדענער רונג?

נ אַ ט אַ ש ע:

פון אַן אויסערלעכן צייכן קען זיך דער אינהאַלט ניט בייטן. קיין זאַך וואָלט זיך ניט געענדערט. איזע, מיין טייערער איזע,

דו ביסט מיין ברודער, מיין ליבער ברודער, וואָס נאָך קענסטו פון מיר פאַרלאַנגען? פאַרשטייסטו דען ניט, אַז אויך מיין האַרץ איז אַן אָנגעווייטאָגטע, אַ צעבראָכענע, אַז דיינע ליידן און שמערצן זיינען אויך מיינע, אַז דיין טראַ־געדיע איז אַ טראַגעדיע אויך פון מיין לעבן? אָבער איז דען אין אונזער מאַכט צו מאַכן, אַז דער שטראָם פון טייך זאָל גיין צוריק?

א י ז ע:

אַך, פאַרוואָס איז אַזוי געשען?

נ אַ ט אַ ש ע:

איזע, מיין טייערער איזע, מיינע געדאַנקען, מיין האַרץ וועלן שטענדיק זיין מיט דיר. שמערצלעך, אָבער אויך הייליק וועט מיר פאַרבלייבן יעדע ערינערונג, דערווייל אָבער מוזן מיר זיך שיידן. מאָרגן פאָר איך אָפּ. נאַטאַשע וויל אַוועקגיין.

א י ז ע:

שטיי, דו איילסט זיך...

נ אַ ט אַ ש ע:

די צייט איז קורץ, איך מוז זיך גרייטן אין וועג.

א י ז ע:

שטיי, נאָך אַ ווייַלע, איך האָב דיר געוואָלט בעטן...

נ אַ ט אַ ש ע:

וואָס נאָר מעגלעך...

א י ז ע:

נעווים, דאָס איז אַ זאַך ניט קיין שווערע, דו געדענקסט די לידער, וועלכע דו האָסט מיר אַמאָל אין די שטילע אָוונטן, ביי אַ טונקעלן שיין פון דער ליכט, געשפּילט?

נ אַ ט אַ ש ע:

איך וועל זיי קיינעם און קיינמאָל מער ניט שפּילן...

א י ז ע:

פאַר מיר... דאָס לעצטע מאָל... דאָס לעצטע מאָל פאַר אונזער אָפּשייד... איך בעט ביי דיר...



נ אַ ט אַ ש ע:

נויט מיר ניט, איך קען ניט...

א י ז ע:

דאָס לעצטע מאָל... פאַרשאַף מיר דאָס פאַרגעניגן... איך וועל דיר ניט לאָזן גיין... האַלט זי פעסט פאַרן האַנט און לאָזט ניט גיין.

נ אַ ט אַ ש ע:

לאָז מיר, איזע, איך קען ניט... זיי געזונט... נאַטאַשע רייסט זיך אַרויס און לויפט אַרויס.

א י ז ע

צו זיך אַליין:

דער לעצטער טראָפּן אין מיינע ליידן... מ'מוז פאַרענדיקן... נאַטאַשע, מיין טייערע נאַטאַשע, דו ביסט געקומען צו מיר זייער פרי, ווי אַ פרילינגס־פויגל... קינדער זיינען מיר דאָך געווען און שוין אין די קינדער־יאָרן האָבן זיך אונזערע הערצער באַהעפט. די צייט האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט אונזערע צאַרטע, ריינע ווי די זון, געפילן, אָבער ניט לאַנג האָט דאָס גליק אונז געוואַרעמט... איך, איך אַליין האָב דאָס צעשטערט... אַ נעפל האָט פאַרטונקלט מיין מאַרך. ווי אַ וואַנזיניקער האָב איך אַ שפרונג געטאָן אין אָפּגרונט, פון וועלכן אַרויסצוקלעטערן איז אוממעגלעך און איך שטיי איצט ביי אַ דילעמע: זיין אָדער ניט זיין... איין שאָס אָט פון דעם רעוואָלווער איז גענוג אַן ענדע צו מאַכן צו מיינע ליידן, נאָר איין שאָס און די פאָדעם פון לעבן, פון פינס־טערן לעבן וועלן איבערגעריסן ווערן... אַזוי דאַרף זיין, אַזוי מוז זיין, קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ... און פאַר וועמען, צוליב וואָס?... נאַטאַשע, מיין טייערע אומגליקלעכע נאַטאַשע! דו בלייבסט אויף דער וועלט, ווי אַן אונטערגע־שאָסענער פויגל... מיט צעבראָכענע פליגלען... דו קענסט צעטראָטן ווערן אונטער די פיס... ווער וועט דיך באַ־שיצן? די וועלט איז גרויס, אָבער דאָס לעבן איז שווער, גרויזאַם... ווער וועט דיינע וואונדן פאַרהיילן? און דו,

מײַן מוטער... איזע ווײנט שטילערהייט. איז דען פֿאַראַן נאָך גרעסערע שמערצן, ווי די שמערצן פון אַ מוטערס האַרץ? צי ווײסט זי, אָט דאָס האַרץ, אויסהאַלטן דעם לעצטן שאַרפן פײַל, וועלכן איך, דער אומגליקלעכער זון, וואַרף אין אים באַוואוסטזיניק צו מאַכן אַ סוף צו מײַנע אייגענע לײדן? איך וועל זיך באַפרײַען פון דער פינסטערניש, וועלכע רינגלט מיך אַרום, אָבער גלײַכצײַטיק צעשטער איך די לעצטע האָפענונגען, פאַרברען דעם לעצטן בריק, וועלכער איז געווען אַ קלײנער טרײסט, אָבער דאָך אַ טרײסט פאַר דער מוטערס אָנגעווײטאָגטער האַרץ... אַך, אַ מוטערס האַרץ, אַ מוטערס האַרץ! פרוי שאַלימאַן באַווײַזט זיך אין טיר, איזע אינסטיקטיוו פילט דאָס. איזע שרײַט אויס. ווער איז דאָ?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

מײַן קינד, דאָס בין איך... דאָס בין איך...

א י ז ע:

אַך, דאָס ביסטו. מאַמעניו, מאַמעניו, איך וויל דיך אַ קוש טאָן... אָט אַזוי...

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

דו האָסט זיך, מײַן קינד, דערשראָקן?

א י ז ע:

ניין, מאַמעניו, אָבער זאָג מיר, פאַרוואָס ביסטו אַזוי פאַר־טרויערט?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

איך בין פרײלעך, מײַן קינד...

א י ז ע:

פאַרוואָס־זשע ציטערט אַזוי דײַן שטים?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

דאָס דוכט זיך דיר, מײַן קינד...

א י ז ע:

פאַרוואָס איז דײַן געזיכט באַנעצט מיט טרערן?



פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

פון שוואַכקייט, מײַן קינד, אַ מוטערס אויגן זײַנען לײַכט אויף טרערן...

א י ז ע:

פאַרוואָס טרײסלען זיך אַזוי, מאַמעניו, דײַנע הענט?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

פון אַלטקייט... קימער זיך ניט, מײַן קינד, קימער זיך ניט...

א י ז ע:

איך לעב דאָך, מאַמעניו, איך לעב דאָך. איך בין פון אַלץ צופרידן... וואָס נאָך ווילסטו?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

איך וויל קיין זאַך ניט... איך וויל נאָר, אַז מײַן קינד זאָל זײַן מונטער, פרײלעך...

א י ז ע:

נו גוט, מונטער, פרײלעך... מאַמעניו, נאַטאַשע איז שוין אַוועק?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

ניין, זי איז בײַ ליבען אין צימער. זי איז פון דיר, מײַן קינד, אַרויס אַ צעטראָגענע, אַ צערודערטע... דו האָסט איר מיט וואָס באַליידיקט?

א י ז ע:

מאַמעניו, דו ווייסט דאָך, אַז באַליידיקן נאַטאַשען קען איך ניט. זי איז ווי אַ שוואַכע פײגעלע, וועלכע דאַרף זיך אַליין געפינען אַ וועג אין לעבן... דו ווילסט, איך זאָל זײַן פרײלעך?

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

דאָס איז אַן אומפאַרשטענדלעכע פראַגע...

א י ז ע:

מאָ בעט נאַטאַשען, זי זאָל נאָך אויף איין ווײַלע אַרײַנקומען צו מיר. איך וויל עפעס פרעגן...

פ ר ו י ש אַ ל י מ אַ ן:

איך וועל איר בעטן, זי וועט גלײַך קומען, נאַטאַשע איז אַ גאָלדענע קינד...

**איזע:**

ניי, מאַמעניו...

**פרוי שאַלימאַן:**

איך גיי. *פרוי שאַליטאַן גייט אַוועק.*

**איזע**

*צו זיך אַליין:*

נאַטאַשע איז אַ נאָלדענע קינד... אַ מוטערס ווערטער... ווער קען נאָך אַזוי פאַרשטיין, אַזוי פילן, באַגרייפן, ווי אַ מוטער? און דאָך מוז איך זיך באַשליסן... לעבן אַזוי, ווי איך לעב, לעבן אין דער פינסטערניש, יעדע מינוט פילן, אַז דו ביסט נאָ-ניט — האָט דען אַ זין? פאַר וועמען, פאַר וואָס, צוליב וואָס?

**נאַטאַשע**

*גייט אַריין:*

דו ביסט, איזע, גערעכט. איך אַליין האָב פאַרשטאַנען, אַז אַזוי פאָרט מען ניט אָפּ, אַזוי צעשיידט מען זיך ניט... איך וויל ניט אַנטלויפן... זאָג, וואָס ווילסטו?!

**איזע:**

דיר, נאַטאַשע, איז שווער מיין ביטע צו דערפילן. איך באַפריי דיר, זיי געזונט, די מלאכים פון די הימלען זאָל דיך היטן, זאָלן דיך באַשיצן. דאָס לעבן, נאַטאַשע, איז אַ האַרבע זאַך, דאָס לאַנד, וואו דו פאָרסט, איז אַ גרויסע, אַ וואונדערבאַר שיינע, אָבער צי וועסטו דאָרט טרעפן אַ מענטשן, וועלכער זאָל דיך ליבן אַזוי, ווי איך? צו וועסטו נאָכן אומגליק דאָרט דיין גליק געפינען?

**נאַטאַשע:**

דאָס גליק איז נאָר מעגלעך איין מאָל אין לעבן, אָבער לאָמיר וועגן דעם ניט ריידן. דו האָסט דאָך מיר וואָס ס'איז געוואָלט זאָגן?

**איזע:**

דאָס זעלבע, וואָס איך האָב דיר שוין געבעטן. זינג, שפּיל



אויף... דאָס לעצטע מאָל... מער וועל איך דיך ניט בעטן... שפּיל...

**נאַטאַשע:**

זינגען, שפּילן... אַך ווי דאָס איז שווער! אָבער דו, איזע, ווילסט, דו פאַרלאַנגסט... יאָ, איך זינג, איזע, איך שפּיל, איזע...

**איזע:**

נאַטאַשע, דאָס לעצטע מאָל איבערלעבן... דערנאָך... נו שפּיל...

**נאַטאַשע:**

יאָ, איך מוז שפּילן... איך שפּיל... *נאַטאַשע זעצט זיך צום פּיאַנאָ. זי זינגט און שפּילט. ביי די לעצטע אַקאָרדן שיסט זיך איזע אין שלייף און פאַלט אַ טויטער. נאַטאַשע שפּרינגט אויף און שרייט* **איזע — איזע!** וואָס האָסטו געטאָן? *פאַלט אויף די קני צום קערפּער.* וואָס האָסטו געטאָן?!!!

*די דאַמע אין טיפן טרויער באַווייזט זיך אויף דער וועראַנדע און זינגט:*

„פון יעדן בייז געהיט דיין גוף,
דיין זעל, דיין נאָמען, דיין באַרוף,
מיט כל הסגולות דיך געהיט,
נאָר ווינד און וויי! — ניט אַיינגעהיט!"

*דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ.*

---

